Das Kreuz, es harrt!
Und s'harrt die Toíre-Rolle,
Voller Schmerz,
Auf Hände, die sie auseinanderrolln
Im Sternenscheine einer blauen Nacht.

Da muß doch j e m a n d sein, der unsereins in Rausch versetzt
Und das Geblüt, solang' es rot ist, kocht und sieden läßt!
Da muß doch jemand im Geheimen sein,
Der den Gedanken anzeigt:
D o r t ist Gold …
Der Gólus[8]-Menschen müde Füße gehn
In wilden Städten, über blaues Meer;
Und Körper fallen, fallen unterwegs –
Bei Tag,
Bei Nacht.

*

Und groß ist der Mensch jetzt und wild ist der Mensch
Jetzt im großen Zerfall.
Und größer als dieser und weher als Weh
Ist das Menschen-Geschrei
Aus dem Blut,
Aus dem Hals,
Das Himmel und Stein,
Erde und Meer
bei Tag und bei Nacht
Hör'n in der Welt:
Wehklang von nacktem Metall
Auf Stein.

Der Stand der Natur kann schon schlimmer nicht sein:
Himmel und Erde,
die Meere im Herzen –
Nur was in der Mitte:
Das Menschengeschlecht,
Das tierhaft auf Meer und auf Erden sich rührt,
das Tor zu der a n d e r e n W e l t s e i t e sucht – –

---

[8] „Galut" (גלות) wird im Jiddischen „Golus" ausgesprochen und bedeutet „Diaspora", hier also: Diaspora-Menschen oder die weit von ihrer Heimat lebenden Menschen.

טאָג, אַזוי נאַכט,
טאָג, אַזוי נאַכט,
גייען מזלות אַריין אין אין-סוף —
גייען מיליאָנען פֿאַרשמאַכטע זיי נאָך ...

אָוונט-צייט וויגן זיך גלאָקן — — געקלאַנג
ציטערט אין חלל, טוט ווי אַזוי: באַם ...
דינגט מען זיך ... בייגט מען די קעפּ פֿאַר די ווענט
פֿונם אייגענעם זיין,
און מען ציט אַ געדאַנק
אַז: אַזוי-אָט מוז זיין ...
און מען וויגט מיט די קעפּ ווי מיט גלאָקן אין ווינט
און מען שלאָגט צו די ווענט — —

*

ביז וואַנען מען דערקענט דיך און מען ווייסט,
אַז דאָס ביסטו, דער האַר, דער גורם, אַלץ,
די שרעקלעכע גראָטעסקע: טעג און נעכט
אַרויף-אַראָפּ —
מוז מען האָבן אין דער וועלט געהאַט
אַ גרויס פֿאַרמעג פֿון פֿרייד און גוטס און קראַפֿט,
וואָס איז געגאַן פֿאַרלוירן מיט דער צייט.

און האָבן מוז מען אין דער שויס געהאַט
אַ סך אַזוינע זיסע פֿרויען-קעפּ,
דורך גאַנצע נעכט,
און פֿילן יעדן צוק פֿון זייער לייב
און וויסן: ס׳זענען אמת לויטער גליק
אַ זעלכע נעכט —
און ס׳איז קיין איבער-בלייבעניש נישטאָ.

און האָבן מוז מען לאַנג געזעסן וואַך,
אַ שטאַרנדיקער קערפּער אין דער נאַכט,
און האַלטנדיק מיט ביידע הענט דעם קאָפּ,
דעם פֿייער-קאָפּ;
און שפּעטער שטיין און וואַשן זיך אַ העמד
און טריקענען עס אויפֿן הוילן לייב;
און אויפֿשטיין אין-דער-פֿרי אַזוי מין קוואַר
און גיין אַרויס אַזוי פֿאַרפֿרעמדט אין שטאָט
און קומען מיט די מענטשן אין גערויש
הערן זייער וואָרט
און זייער לאַך
און זוכן פֿאַרן הײנט אַ לייבל-ברויט — —

Tag, so sehr Nacht,
Tag, so sehr Nacht,
Schicksale gehn in die Ewigkeit ein –
Schließen Millionen Erschöpfte sich an …

Zur Abendzeit wiegen sich Glocken – – Geläut
Bebt in der Welt und es schmerzt so sehr: Bamm …
Man singt vor sich hin …. beugt den Kopf vor den Wänden
Des eigenen Seins,
Und man denkt sich im Stillen
ja, so m u ß es sein …
Und man wiegt seinen Kopf wie die Glocken im Wind,
An die Wand schlägt man ihn – –

*

Damit man dich erkennen kann und weiß,
Daß d u es bist, der Herr, Beweger, Alles,
Schreckliche Groteske: Tag und Nacht
Hinauf, hinab –
Muß man in der Welt ein reichlich' Maß
an Freude, Gut und Kraft g e h a b t haben,
das mit der Zeit jedoch verlorenging.

Und muß in seinem Schoße allerlei
solch süßer Frauenköpf' g e h a b t haben
und nächtelang
jedwedes Zucken ihres Leibs gefühlt
in dem Bewußtsein: solche Liebesnächt'
sind reines Glück –
Und nichts blieb davon übrig, keine Spur.

Und lange muß man wach gelegen haben,
Ein regungsloser Körper in der Nacht,
Den Kopf mit beiden Händen haltend,
Den Feuerkopf;
Und aufgestanden und ein Hemd gewaschen
Und dann auf hohlem Leib getrocknet;
Und morgens aufgestanden, armselig,
Und in die Stadt hinausgegangen, fremd,
Und unter all die Menschen sich begeben,
Ihr Wort gehört
Und ihr Gelächter,
Und das Brot für diesen Tag gesucht – –

און האָבֿן מוז מען מיד זיך אומגעשלעפּט
אין רײַכע שטעט,
געפּלוידערט און געלאַכט ביז האַלבֿער נאַכט,
און אײַנגעשטילט דעם הונגער מיט אַ טיי
און מיט אַ ציגאַרעט,
און דאַן געפּיבֿערט אויף אַ גאָרטן־באַנק
אין עק פֿון שטאָט,
אין שטערן־ליכט.

און וויסן מוז מען, וואָס עס לײַדן אויס
אין יעדער בלאָער נאַכט,
אין גאָר־דער־וועלט,
מענטשן׳ס שענסטע טעכטער שטילערהייט …
און וויפֿיל סאַמעטענע פּרויען־קעפּ
מוזן רוען דורך די שטערן־נעכט
אין אָרעמס פֿון געהאַסטע גראָבֿע לײַט,
און וויפֿיל אויגן ווײנען דעמאָלט הייס
און טאָרן ווײ נישט ברומען —
ווײ בײַנאַכט!
און איבער גאַסן לויפֿן — האָר צעלאָזט
און אויף קולות שרײַען: ווײ מײַן וועלט!

און האָבֿן מוז מען אין סאַלאָן געוואוינט
און פֿון אַ טרײַער האַנט געוועזן געהאַלדט,
און אויפֿגעשטאַנען דוקא האַלבֿע נעכט
פֿון ווײכן בעט, כּדי צו קילן שטיל
דעם הייסן שטערן אין דער פֿײַכטער שויב …

און האָבֿן מוז מען אָוונטן געשלײכט:
אַ פֿרעמדע ים־שטאָט …
בלאָ און ווײס …
אַ ברעג — —
און ס׳איז אַזוי באַרוישט געוועזן דאָס בלוט
פֿון גליאיקע מאַטראָזן׳ס ווילד געזאַנג
און זײער גלאָקן־לאַך אַקעגן ים — — —

און האָבֿן מוז מען וואַסערן געזען
בשעת דער ים איז בײז,
בשעת ער שלאָפֿט
און טראָגט די שיפֿן ווײט, מיט מענטשן־פֿול,
פֿון ים צו ים — —

און האָבֿן מוז מען דורכגעגאַנגען ד׳ערד
אין שײַן פֿון די מזלות און געהערט

Und müde muß man sich geschleppt haben
durch reiche Städte,
Geplaudert und gelacht bis Mitternacht,
Und seinen Hunger nur mit Tee gestillt
Und einer Zigarette,
Dann gefiebert auf der Gartenbank
Im Stadtwinkel,
Im Sternenlicht.

Und wissen muß man, welche Not
In jeder blauen Nacht,
An jedem Ort,
die schönsten Menschentöchter still erleiden …
Wieviele samtig-weiche Frauenköpfe
In den Armen von verhaßten Männern
Alle Nächte unter Sternen ruhen,
Und wieviele Augen Tränen weinen,
Nicht laut klagen dürfen –
Weh bei Nacht!
Und durch die Gassen gehn – mit wirrem Haar
Und lauthals schreien: Wehe, meine Welt!

Und im Salon muß man gewohnt haben
Umarmt von einer treuen, guten Hand,
Und dennoch halbe Nächte sich erhoben
Aus dem Bett, nur um die heiße Stirn
an feuchter Fensterscheibe still zu kühlen …

Und abends muß man auch beschlichen haben:
eine Meer-Stadt …
Blau und weiß …
Ein Strand – –
Und das Geblüt ist fürchterlich berauscht
Vom wilden Sang der glühenden Matrosen
Und ihrem Glockenlachen Richtung Meer zu – –

Und Wasser muß man dann gesehen haben,
Wenn's Meer ganz böse ist,
Wenn's ruhig schläft
Und Schiffe voller Menschen weit davonträgt,
Von Meer zu Meer – –

Und quer durchs Land muß man gegangen sein
Im Schein der Sternzeichen und dann gehört

ס׳געזאַנג פֿון שבעים אומות פֿרייד און לייד.
און האָבן מוז מען מיט-געזונגען ס׳ליד
פֿון ציענדע חיילות אינם קריג.
און זען די טויטע זעלנער אין-דער-פֿרי.
דאָס פֿוילן פֿון דערהרג׳עטע אין וואַלד.
און יענע קלומפּנס לייבער אינם דראָט:
די קעפּ אַראָפּגעדרייט, די פֿיס אַרויף. — —

און האָבן מוז מען ווילד געוועזן אַזוי,
מיט טויזנטער הפקרות-ווייבער
לאַנגע נעכט פֿאַרבראַכט
און צוגעזען, ווען אויפֿגעגעניצט ס׳האָט
דער גראָער טאָג,
דעם קנייטש פֿון זייערע שטערנס,
זייער פּיין,
און זייער עלנט זינקען נאָך דעם רויש — —

און האָבן מוז מען אין דער וועלט געזען
אַ סך אַזעלכע דאַרע איידלע הענט,
וואָס האָבן זיך געשטרעקט צום בלאָען הויך
בשעת געבעט,
און הענט פֿון לונגען-קראַנקע פֿאַרן-טויט — —

און האָבן מוז מען נידערן געזען
די מענטשן-זין מיט לעמפּלאַך אין די הענט
אין קוילן-גרוב אַראָפּ, ווי אין אַ תהום,
און אונטער זיי׳רע רוקנס שיינט די נאַכט,
און ס׳ליגן אויף די בעטן אין דער היים
די ווייבער זייערע אַזוי אַליין — —

און אויב עס האָט דער מענטש אַ סך געזען,
געפֿילט, געחלום׳ט, און געשוויגן לאַנג,
געלייטערט אין די טרערן יעדעס וואָרט,
געגלייבט אין גאָט, געגאַנגען צום אָלימפּ
געליטן שטום
און האָט דערגרייכט דעם העכסטן שטאַפּל: נריט —
דאַן שטעלט זיך איינמאָל אָפּ דער גוף אין וועג
און זאָגט אין זיך בשעת׳ן בלוטן-גרויל:
אַ האַ, אַ דאָס ביסטו,
מעפֿיסטאָ האַר,
דער גורם אַלץ,
די שרעקליכע גראָטעסקע:

Den Sang von Freud und Leid der siebzig[9] Völker.
Und mitgesungen muß man haben Lieder
Ziehender Soldaten unterm Krieg,
Und tote Söldner in der Früh gesehn.
Das Faulen der Gefallenen im Wald.
Und jene Körperklumpen auf dem Draht:
Die Köpf' nach unten und die Füß' nach oben. — —

Und wild, sehr wild muß man gewesen sein,
Mit Tausenden von hemmungslosen Weibern
Lange Nächt' verbracht
Und zugeschaut, als aufgegangen ist
Der graue Tag,
Dem Runzeln ihrer Stirnen,
Ihrer Pein,
Und ihrem Elend sinkend nach dem Rausch — —

Und in der Welt muß man gesehen haben
Viele dürre, abgezehrte Händ',
Die sich nach blauer Höhe streckten, flehend,
Beim Gebet,
Und Lungenkranker Hände nach dem Tod — —

Und zu Gesicht muß man bekommen haben,
wie die Menschensöhne — Licht in Händen —
In der Kohlengruben Abgrund steigen.
Hinter ihren Rücken scheint die Nacht,
Und in den Häusern liegen ihre Weiber
Einsam und alleine auf den Betten — —

Und hat der Mensch nun wahrlich viel gesehn,
Gefühlt, geträumt, und lange Zeit geschwiegen,
Mit seinen Tränen jedes Wort geläutert,
Den Olymp bestiegen, Gott geglaubt
Und stumm gelitten,
Und auch die höchste Stuf' erklommen: Not —
Dann richtet auf dem Wege sich der Leib auf,
Sagt in sich hinein, wenn s'Blut ihm graut:
Aha! Ei, so bist du,
Mephisto Herr,
Der All-Beweger,
Schreckliche Groteske:

---

[9] „Siebzig Völker" ist die im Talmud gebräuchliche Wendung für „alle Völker" oder „die Gesamtheit der Völker".

טעג און נעכט
אַרויף-אַראָפּ!

*

צען מאָז אייביקייט-גבורה איז אין וועלטן-טאָל גענידערט,
האָט מעפּיסטאָ ניין גענעמען און די צענטע איז געבליבן
גאָט — דעם גייסט פון אַלע וועלטן.
גאָט — דעם פּאָטער פון בראשית.
גייט דער גייסט אויף אַלע וועגן נע-ונד מיליאָנען יאָרן,
פון אַ האַרץ צום צווייטן היפּט ער,
קומט בגנבה,
זוכט אַ תיקון:
קוקט אַרויס אַמאָל אַ גלאַנציקס פון אַ טרער, און לאָזט זיך הערן
פון אַ זיפץ אַ מאָל אַ שטילן,
פון אַ ווייטאָקדיקן ניגון …
ציטערט הייליק בין-השמשות אין דעם רויטן שקיעה-אָפּגלאַנץ
אויף די שויבן פון אַ היכל און אין זילבער פון לבנה:
הענגט אין סאַמעטענעם פליגל פון אַ שוועלבל אין די לופטן — —
אָבער דעמאָלט גייט מעפּיסטאָ בפרהסיא אין די לענדער,
און עס פלאַטערן אויף וועלטן זיינע נאַכטליכע געוועגדער …
אין מיליאָנען גאַסן-לאָמפּן און אין זילבערנע מנורות
און אין הימלענ׳ס איידל-שטיינער, — גליען ד י י נ ע, דיינע אויגן!
ער זעט אַלעס! —:
ווער ס׳גייט טאַנצן צו די ווייבער און דאָס ווילדע האַרץ באַרוישן.
ווער עס בלייבט זיך ביחידות צו פאַרפאַלן אין זכרונות.
ווער עס וואַרט אויף אַ געליבטע מיט אַ ליד אויף זיינע ליפּן.
ווער עס קאָרטשעט זיך פאַר ווייען און געפינט פאַר זיין נשמה
נישט קיין אויסגאַנג פון איר פּלאָנטער — —
און אין האַלבער נאַכט באַגלייט זיינס אַ פאַרפירונג-ליכט אַ גזלן
איבער שטילע קאָרידאָרן און באַלייכט די קאַלטע קלאַמקעס …
און אַז ער הייסט — קומט די לבנה אויך אַרויס פון צווישן נעפּלען,
זען רויבערס דורכן אורוואַלד: ס׳פּאַרט אַ פור אַן פונם שטאָט-וועג,

Tag und Nacht
Hinauf-hinab!

*

Zehn Maß' Ewigkeit-Heroik[10] sind aufs Weltental gekommen,
Neune hat Mephisto sich genommen, blieb allein das zehnte
Gott – dem Geiste aller Welten.
Gott – dem Vater des „Im Anfang".[11]
Und Millionen Jahre wandert schon der Geist auf allen Wegen,
Hüpft von einem Herz zum andern,
Kommt v e r s t o h l e n,
Sucht sich Tíkkun:[12]
Guckt einmal ein Glänzendes aus einer Träne, läßt sich hören
Einmal aus 'nem stillen Seufzer,
Aus Gesängen voller Schmerz …
Zittert heilig in dem roten Sonnenuntergängeabglanz
Auf den Scheiben eines Tempels und im Silberschein des Mondes;
Hängt im samtig-weichen Flügel einer Schwalbe in d e n Lüften — —
Doch Mephisto geht v o r a l l e r W e l t ins Land, ganz unbefangen,
Und auf allen Welten flattern seine nächtlichen Gewänder …
In Millionen Straßenlampen und in silberigen Leuchtern
Und in Himmelsedelsteinen, – glühen s e i n e, seine Augen!
Er sieht alles! —:
Wer mit Weibern tanzen geht, das wilde Herzblut zu berauschen.
Wer in Einsamkeit verbleibt, Erinnerungen zu verfallen.
Wer mit einem Lied auf seinen Lippen der Geliebten harret.
Wer sich krümmt vor Schmerzen und für seine Seele niemals findet
Einen Ausgang aus der Wirrnis — —
Und bei Nacht begleitet seines ein verführerisches Lichtlein
Über stille Korridore und beleuchtet kalt die Klinken …
Und wenn er's befiehlt — so zeigt der Mond sich zwischen Nebelschwaden,
Sehen Räuber durch den Urwald einen Wagen aus der Stadt fahrn,

---

[10] Hier spielt der Text auf einen Midrasch an, demzufolge zehn Maße an Schönheit auf die Erde kamen, wovon neun an Jerusalem gingen und eines an die ganze Welt. Vgl. Babylonischer Talmud, Kiduschin, 49b und Esther Rabba (Wilna), Abschnitt 1, Auslegung 5, 17. Mein Dank gilt Itta Shedletzky für den Hinweis auf diesen Intertext und Jacob Elbaum für die genaue Quellenangabe.

[11] Dies ist natürlich ein Zitat der ersten beiden Worte der hebräischen Bibel, Genesis 1,1.

[12] Tikkun (תיקון) (hebräisch) bedeutet „Verbesserung" oder „Korrektur" und wurde zum zentralen Begriff in Talmud und Kabbala, wo er Wiederherstellung der Reinheit der Seele und der Vollkommenheit der Welt meint.

און זײַ ליגן אויף די בײַכער אויגן-גליאיק און צעזאָטן,
ביז די פֿור קומט — — די לבֿנה שווימט אַרײַן אין ים פֿון נעפּל.
איין מעפּיסטאָ ווייסט די טרעפֿונג האַלבע נאַכט אויף יענעם וואַלד-וועג!
און דער גייסט איז נע-ונד אַלץ!
שוואַך און אומעטיק און ציטריק.
ר׳איז אַ קלאָגענדיקע סאָווע אין אַ חורבה בײַ אַ וואַסער
ר׳איז אַ יתומדיקער גאַס-הינט:
ר׳האָט קײן הויף נישט
און קײן האַר נישט
און דער רעגן גײט און כליאַפּעט ...
אויף זײַן קאָפּ
און גאָלן רוקן,
אויף דער ד אַ ר ע ר חוט-השדרה — —
ר׳איז אַ זקן,
טרערן-אויגיק,
וואָס פֿאַרלאָזט זײַן ווײַס געלעגער
און ער זעצט זיך
אין אבֿלות
אויף דער ערד
און צינדט אַ ליכטל ...
ר׳איז דאָס פּאָרכטיק-קלײנע ליכטל
אין דער שמאָלער האַנט פֿון זקן — —
ר׳איז דאָס גלי-אַש פֿון חרטה אין אַ קראַנקער אשה-נדה
אין ווענערישן שפּיטאָל — —
ר׳איז דער פֿלאַטער פֿון זכרונות, דאָס דערמאַנען פֿון אַ נאָמען,
און דאָס פֿלאַפּלען פֿון אַ גוסס ...
ר׳איז דער בלאָער ס אָ מ נ אַ מ בּ ו ל י ק:
נישט אויף גלײַכע וועגן גײט ער, נאָר אויף שמאָלע און קאַפּוירע,
און מיט צוגעמאַכטע אויגן,
חלום-הײליק,
ביז צו תּהומות,
און די ליפּן זאָגן שירה,
און די נערוון זענען סטרונעס — —
און מעפּיסטאָ זיצט מיט רחבֿות אויף זײַן קנאָכנדיקער קרוין-שטול,
און לכּבֿוד ז י י ן שוואַרץ-שבּת זײגט ער רויך פֿון זײַן נאַרגילע,
און ער שיקט די שלאַנגען-רויכעס דאָרט אַהין צום הויכן באַרג-שפּיץ,
וואו דאָס קלאַפּנדיקע האַרץ ליגט פֿון דער מענטשן-וועלט און צאַפּלט.

Und sie liegen auf den Bäuchen lüstern und mit glühnden Augen,
Bis der Wagen ankommt — — und der Mond im Nebelmeer verschwindet.
N u r Mephisto weiß vom Treffen mitternachts auf jenem Waldweg!
Und der Geist, er wandert endlos!
Schwach und unglücklich und zittrig.
Er ist eine Eule klagend in Ruinen nah am Wasser,
Ein verwaistes Gassenhündlein:
Weder Hof noch
Herrchen hat er.
Und der Regen fällt und schlägt ihn …
Auf den Kopf
Und auf den Rücken,
Auf das kahle, d ü n n e Rückgrat — —
Er ist greis schon,
Tränenäugig,
Und verläßt sein weißes Lager,
Und er setzt sich
In Trauer
Auf die Erd',
Und steckt ein Licht an …
Er ist solch ein kleines Lichtlein
In der schmalen Hand des Greises — —
Er ist Glühasche der Reue eines kranken Regel-Weibes [13]
Im Syphilis-Spitale — —
Er ist jenes Flattern des Gedächtnis', Mahnen eines Namens,
Und das Plappern eines Siechen …
Er ist jener Somnambule:
Nicht auf ebnen Pfaden geht er, nur auf schmalen, unwegsamen,
Und mit fest verschlossnen Augen,
Träume-heilig,
Bis zum Abgrund,
Und die Lippen sagen Dichtung,
Und die Nerven, sie sind Saiten — —
Und Mephisto sitzt ganz breit auf seinem knöcherigen Throne,
Und zu Ehren s e i n e s schwarzen Schabbes raucht er Wasserpfeife,
Und er schickt die Räucherschlangen dort zur hohen Bergesspitze,
Wo das Herz der Menschenwelt pulsierend liegt und pocht und zappelt.

---

[13] Gemeint ist eine Frau, die menstruiert, und den jüdischen Religionsgesetzen nach „unrein" ist.

*

און כ׳בּין אַ מאָל געשטאַנען קליין און פּאָרכטיק, ווי אַ פֿויגל,
אונטער דער געדאַנקען-וועלט-מחיצה און פֿאַרנומען:
ס׳האָט געהאַט בסתר גאָט, דער גייסט פֿון אַלע דורות,
מיט זיין אומגעלומפּערט שויס-קינד מעפּיסטאָפל אַ גערײדע — —
עס האָט אַזוי מין טיף געקלאָגט אַ קול דממה דקה:
»דו האָסט דיך פֿאַרוויקלט אין דעם תכלת-קלייד אין מײַנעם
און געגאַנגען בּיסטו גדל׳ען מײַנע חלום-יונגען׳ס תפילה.
גנבֿ׳עסט יענעם ציטער-גלאַנץ פֿון זייער טרער צו מנחה,
דעמאָלט, ווען זיי ציטערן פֿאַר בּענקשאַפֿט און זכרונות
און קילן זיירע שטערנס אין די פֿייכטע בּלאָע שויבּן ...
און דו בּיסט דער געדאַנק וואָס איז אין זייער האַרץ געבּוירן:
per aspera ad astra — — און זיי גייען, גייען, גייען,
די פֿאַרחלום׳טע און בּלייכע רבּי יוסף-דילה-רינה׳ס — —
און עס דאַרן זיי די גופֿים, ווי די דערנער, ווערן טרוקן,
און עס טוט מי ווײ אומענדליך! מיר, דעם פֿאָטער פֿון נשמות;
און אַז כ׳קום צו זיי בּחלום און איך וואָרן זיי און זאָג זיי:
ס׳וועט מער פֿון זיבּציק טויזנט יאָר דער וואַנדער-וועג געדוירן!
איז מײַן קול זיי נישט בּאַקענט מער ... ס׳אַ געדאַנק גאָר פֿונם שטן«
און ס׳האָט זיך מעפּיסטאָפל ווילד צעכאַכעט און געענפֿערט:
איי, דו בּלאָער זקן, האָסט אַ טעות! בּיסט פֿאַרשלאָפֿן!
דו — אַזאַ מין לופּטיקס, אַזאַ שײַן פֿון אַ לבנה,
דו — אַזאַ מין ציטערדיקס, אַ ווידער-קול פֿון קולות,
דו, דו רופֿסט דיך פֿאָטער פֿון נשמות און פֿון מיר אויך?
האַ! דו בּיסט אַליין נאָר אַ געשפּיל-צייג פֿון מײַן ווילן,
נאָר אַ צויבּער-נאָמען בּיסטו, ווען איך קום צו גיין אין מוח
פֿון אַ לויטערן מתבּודד, צי אַ פֿאָדעם דורך זיין חלום:
גיי אין זומפּן טיפֿע זוכן די נצוצין פֿון קדושה!

*

Und ich bin mal gestanden klein und furchtsam, wie ein Vogel,
Hinter der Gedanken-Welt-Wand und ich hab' vernommen:
Heimlich hatte Gott, der Geist von allen Menschenaltern,
Ein Gespräch mit seinem ungeschlachten Schoßkind Mephistophel – –
Einer dünnen Stille Stimme[14] führte tiefe Klage:
„In das Hellblau-Kleid, das meine, hast du dich gewickelt
und hast das Gebet von meinen Traum-Jungen gestohlen.
Stiehlst den Zitterglanz von ihrer Träne bei der Minche,[15]
Wenn sie voller Sehnsucht und Erinnerungen zittern
Und die Stirne an den feuchten blauen Scheiben kühlen …
Und du bist in ihrem Herz geboren als Gedanke:
Per aspera ad astra – und sie gehen, gehen, gehen,
Die verträumten, bleichgesichtgen Rabbi-Josef-De-la-Reines[16] – –
Und es welken ihre Leiber wie die Dornen, werden trocken,
Und dies schmerzt mich sehr, unendlich! Mich, den Vater aller Seelen:
Und erschein ich ihnen nun im Traum und warne sie und sage:
Mehr als siebzig tausend Jahre wird das Wandern dauern!
Sie erkennen meine Stimme nicht … denken s'ist des Satans".
Und wild hat sich Mephisto eins gelacht und Gott entgegnet:
Ei, du blauer Alter bist im Irrtum! Hast verschlafen!
Du – ein luftiges Gewese, so ein Schein des Mondes,
Du – ein zitternd Etwas, so ein Widerhall von Stimmen,
Du, du nennst dich Vater aller Seelen, auch der meinen?
Ha! Du bist nichts anders als ein Spielzeug meines Willens,
Nur ein Zaubername bist du, will ich einem Eremiten
Eindringen ins Hirn und so durch seinen Traum ein Fädlein ziehen:
Geh hinein in tiefe Sümpfe, suche dort den heilgen Funken!

---

[14] Vgl. Könige I, Kap. 19, Vers 12. Luther übersetzt die dort auftauchende Wendung „kol dmama daka" mit „ein stilles, sanftes Sausen". Aus in der Einleitung dargelegten Gründen ziehe ich die wörtliche Übersetzung „einer dünnen Stille Stimme" vor.

[15] Mincha (מינחה), im Jiddischen Minche ausgesprochen, ist eines der drei, täglich gesprochenen Gebete, zu welchem man sich am Nachmittag, vor Sonnenuntergang in der Synagoge versammelt.

[16] Yosef de la Reine, ein Kabbalist, der im 15. Jh. in Spanien oder Nordafrika lebte, beschäftigte sich mit praktischer Kabbala und suchte, mit Hilfe magischer Mittel die Erlösung der Welt näherzubringen. Es wird erzählt, er habe sich zu diesem Zweck mit vier seiner Schüler aufgemacht, wobei es ihm gelang, Samael und Lilith (Satansgestalten) einzufangen. Doch ließ er sich dazu verleiten, ihnen Rauchopfer darzubringen, scheiterte somit und nahm sich schließlich das Leben.

און אַבי איך ברענג אין זומפּ אים — איז פֿאַרגעסן שוין דײַן נאָמען.
און וואָס ביסטו דען דעמאָלט, וואָס איז קול דממה דקה,
ווען די הייזעריקע קולות פֿון די לײַדנשאַפֿטן זידן?
און וואָס איז בלאָע תּפֿלה דען אַ קעגן קוויטש פֿון תּאווה
און דעם צאַפּל פֿון באַרוישטע סיפֿיליטיקער בײַם ווײַן־כּוס?
און וואָס איז דען דײַן שטערן־קלייד אַ קעגן די רובינען
וואָס צעזשאַרן זיך און בליצן אין די טויזנטער שוואַרצאַפּלען,
און אַ קעגן בלאָנדע, שוואַרצע, קעפּ־צעשויבערטע נקבֿות
אויף די רויטע סאַמעט־זאָפֿעס, וואו די גופֿים גליען, גליען? — —
גיי צו רו, דו ביסט פֿאַרשלאָפֿן, בלאָער זקן, ביסט דער גייסט נישט!
אין די הרי־חושך זענען כּמה היילן דאָ צום שלאָפֿן —
שלאָף־דיך־אויס דאָרט, און אויף מאָרגן, נאָך מיליאָנען נעכט פֿון חושך,
ווען דער ווינט קערט־אָפּ די וועגן פֿון צעטרעטענע נאַרצידן,
קום צו גיין אין מײַנע וועלטן און דערצייל מיר: כ׳בין געוועזן
אין אַ גלגול, פֿאַר בראשית, אַ באַשעפֿער און אַ פֿאָטער
פֿון נשמות און פֿון שטן — —
איך בין דער גייסט! איך בין דער גרויל
וואָס צערט מיליאָנען מענטשן־לײַבער,
און איך פֿלאַקער־אויף די מוחות פֿון מיליאָנען מיט מײַן האַשיש!
איך בין דער, וואָס פֿירט אַ מאַמע פֿון די קינדער, אַ באַרוישטע,
אַלע אָוונט צו דער וואוינונג פֿון אַ יונגן הפֿקר־בחור,
(ר׳איז אַרטיסט, אַן אָפּערן־זינגער, צי אַ דיכטער פֿער עקספּרעסיאָ ...)
איך בין דער, וואָס יאָגט אין חשכות אַ גאַלאָפּיש פֿערד און רײַטער
איבער סטעפּ אין ווילדע שלאַכט־נעכט, נישט געדענקענדיק די היים מער.
איך בין דער, וואָס טרײַבט דעם מענטש אַ קעגן שפּײַענדע הויביצן
און כ׳בין דער, וואָס האָב געלערנט די רבי־יוסף־דילה־רינה׳ס,
אַז: ... per aspera ad astra — איז דער וועג פֿון אַלע וועגן!
און עס גייען די נשמות דורך דעם רויען וועג פֿון לײַדן
און עס וועט זײַ קיינער זאָגן (ס׳וואָלט געהייסן: מעשׂה שטן ...):
אַז ס׳איז ווײַט דער וועג צו שטערן און צו וואָס דער וועג צו שטערן?!
און ווער רעדט דען צו די קדושים: לאָזט אײַך פּײַניקן און ברענען
און נישט ראַטעוועט די גופֿים ווײַל ... איר לעסטערט די נשמה?
און ווער לערנט די העברעער אײביק לײַדן, אײביק האָפֿן:
עס וועט קומען די דערלייזונג ווען ... די טויטע וועלן אויפֿשטיין?
און ווער לערנט אַלע מענטשן פֿאַר אידעען צו פֿאַרבלוטן
און נישט בליען מיט די פֿרילינגס
און נישט פֿרוכפּערן זיך זומערס?
און ווער זענען דען די האָדזשאַס אין די הייליקע מעטשעטן
וואָס אין אַללאַ׳ס נאָמען רופֿן צו אַ הייליקער מלחמה?
צי אין נאָמען גאָר פֿון בודאַ רופֿן הייליקע פֿאַקירן,
און עס ציען יונגע, אַלטע, פֿון די בלאָע גאַנגעס־דערפֿער,
קיין אייראָפּאַ, קיין אייראָפּאַ: פֿול מיט צלמים, גלאָקן, טורעמס,
און — מען זעט נישט מער קיין לאָטאָס

Und sowie ich ihn zum Sumpf bring — ist dein Name schon vergessen.
Und was bist du, ist der dünnen Stille Stimme,
Wenn vor Leidenschaft und Lust ganz heiser Stimmen sieden?
Und was ist ein blaues Beten gegen der Begierde Quietschen
Und das Zappeln von berauschten Syphilitikern beim Weinglas?
Und was ist dein Sternkleid gegen die Rubinen,
Die in Tausenden von Augäpfeln erglühen und wild funkeln,
Und was ist es gegen blonde, schwarze, Kopf-verwirrte Weiber
Auf den roten Sammetsofas, wo die Leiber glühen, glühen? — —
Geh zur Ruh, du hast verschlafen, blauer Alter, bist der Geist nicht!
In den Dämmerdunkel-Bergen sind zum Übernachten Höhlen —
Schlaf dich aus, und morgens, nach Millionen Dämmerdunkel-Nächten,
Wenn der Wind zertretene Narzissen von den Wegen kehret,
Komm und geh in meine Welten, sprich zu mir: Ich bin gewesen
In vergangnem Leben, vor dem Anfang', Schöpfer und auch Vater
Aller Seelen und des Satans — —
Ich bin der Geist! Ich bin der Greuel,
der quält Millionen Menschenleiber,
Und mit meinem Haschisch reize ich die Hirne von Millionen!
Ich bin der, der eine Mutter abends weg von ihren Kindern
Zu der Wohnung eines jungen, wilden Freuden-Knaben führet,
(er ist Künstler, Opernsänger oder expressiver Dichter …)
Ich bin der, der nächtens Reitersmann und Rappen galoppierend
Über Steppen jagt, wobei sie sich nicht mehr ans Heim erinnern.
Ich bin der, der Menschen feuerspeienden Haubitzen zutreibt,
Ich bin der, der alle Rabbi-Josef-Dela-Reines lehrte,
Daß: per aspera ad astra – ist allein der Weg der Wege!
Und die Seelen gehen über den brutalen Weg des Leidens
Und 's wird ihnen keiner sagen („Teufelstat" mag man es nennen …):
Daß der Weg zu den Gestirnen weit ist und wozu ihn gehen?!
Und wer sagt den Heiligen: Laßt euch quälen und verbrennen
Und die Leiber nicht erretten, weil … ihr eure Seele schändet?
Und wer lehrt denn die Hebräer ewig leiden, ewig hoffen:
Die Erlösung, sie wird kommen, wenn … die Toten auferstehen?
Und wer lehrt die Menschen denn für Ideale zu verbluten
Und im Frühling nicht zu blühen
Und im Sommer nicht zu fruchten?
Und wer sind denn die Muslime in den heiligen Moscheen
Die in Allahs Namen aufrufen zum heil'gen Glaubenskriege?
Ja, es rufen gar im Namen Buddhas heilige Fakire,
Und es ziehen Junge, Alte aus den blauen Ganges-Dörfern
Nach Europa, nach Europa: voller Kreuze, Glocken, Türme,
Und – den Lotus sieht man nimmer

אוּן — מען טרינקט נישט מער פוּן גאַנגעס! — —
אוּן עס קוּמען פוּן אייראָפּאַ
די חיילות
אוּן זיי שלאָפן
בלאָע נעכט אָפּ
אין די אָרעמס
פוּן די פרוּמע אינדאָ-מיידלאַך
אוּן זיי זענען זיי מטמא;
אוּן עס טרענקען זיך פאַרבלוּטיקט,
איידער טוי פאַלט אויף אַ לאָטאָס
יענע מיידלאַך אינם גאַנגעס,
ווייל זיי ווילן קוּמען לויטער פאַרן וועלטן-פאָטער ב וּ ד אַ — —
איך בין ד ע ר וואָס הייסט: מ ע פ י ס ט אָ! כ׳בין דער גייסט פוּן אַלע דורות!
רייכע זאָג איך: איר האָט ווייניק! זוּכט דעם וועג וואָס פירט קיין אופיר!
אוּן אַ קראַנקן זאָג איך: גלוּסטן! אוּן די קוואַרע הענט דערהייבן
צוּ דעם ראָד פוּן די מזלות,
צוּ די פליענדיקע פייגל!
יוּנגע קלויסטער-שוועסטער לאָז איך אין לבנה-נעכט נישט שלאָפן
אוּן איך זינג אין זייער חלום
דאַדאַאיסטיש:
שיר-השירים — —
אוּן עס גייען אַלע דורות אויפן וועג נאָך מיינע אירליכט
אוּן אַז ס׳שטעלן-אָפּ אין וועג זיך די פאַראירטע,
ווילן צריקגיין,
הענגט די נאַכט אַריבער אַקסלען אוּו מען זעט נישט מער דעם אָ נ ה ו י ב,
וואוּ דאָס וויגל איז געשטאַנען אוּן די מאַמע האָט געזוּנגען
יענעם ניגוּן, וואָס דערציטערט אויך מיין גיפטיק האַרץ, ווען כ׳הער אים
האַלבע נעכט פוּן ווייסע הײזער. — —

**

ס׳איז דאָ אַזאַ מין נאַכט אַ מאָל אוּן כ׳ווייס נישט, צי ס׳איז נאַכט.
איך הער נישט ווי עס שוּשקען זיך די ביימער מיטן ווינט.
מיר דאַכט, אַז נישט אויף אַ געלעגער זיצט מיין נאַקעט לייב,
נאָר אויף אַ הייס קיזל-שטיין צוּפיסנס פוּן אַ באַרג,
וואָס שטייט אַן אייל אַוועקגערוּקט פוּן ים-הגדול, הויך,

Und – vom Ganges trinkt man nimmer! – –
Und es kommen aus Europa
Die Soldaten
Und sie schlafen
Blaue Nächte
In den Armen
Von den frommen Inderinnen
Und verunreinigen diese:
Nun ertrinken sie verblutet,
Ehe auf den Lotos Tau fällt,
Jene Mädchen in dem Ganges,
Weil sie vor dem Welten-Vater B u d d h a rein erscheinen wollen – –
Ich bin d e r, der heißt: M e p h i s t o! Bin der Geist der Menschenalter!
Reichen sag' ich: Ihr habt wenig! Sucht den Weg bis hin nach Ophir.[17]
Kranken sag' ich: Lust! Und ihre dünnen Hände strecken sich schon
Zu den Zeichen der Gestirne,
Zu den Vögelchen im Fluge!
Nachts bei Mondschein lasse ich die jungen Kloster-Schwestern wachen
Und ich sing' in ihrem Traume
Dadaistisch:
Lied der Lieder[18] – –
Und es folgen alle Menschen meinem Irrlicht auf dem Wege
Und dort kommen die Verirrten nun zum Stehen,
Wollen umkehrn,
Doch die Nacht wirft ihre Schultern übers Land, verdeckt den A n f a n g,
Wo die Wiege einst gestanden und die Mutter sanft gesungen
Jenes Lied, das selbst mein giftig Herz erschüttert, höre ich es
Mitternachts aus weißen Häusern. – –

*

Um mich herum ist Nacht, doch weiß ich nicht, ist's wirklich Nacht.
Ich höre selbst des Windes Flüstern in den Bäumen nicht.
Es scheint mir, daß mein nackter Leib nicht auf dem Bette sitzt,
indes auf heißem Kieselstein zu Füßen eines Bergs,
Der eine Elle weit entfernt vom großen Meere[19] steht,

---

17 Ein in der hebräischen Bibel erwähntes Land (vgl. Könige I, Kap. 9, Vers 28; Kap. 10, Vers 11 u. a.), das aufgrund seines besonders feinen und wertvollen Goldes von sich reden machte.

18 Lied der Lieder ist die wörtliche Übersetzung von שיר השירים, das „Hohelied Salomos".

19 ים הגדול (Jam ha-gadol), in wörtlicher Übersetzung „das große Meer" ist eine biblische Bezeichnung (vgl. 4. Buch Mose, Kap. 34, Vers 6 und 7 u. a.) für das Mittelmeer.

און אויבן אויפן שפּיץ איז דאָ אַזאַ מין ריזן-קאָפּ:
ד׳אויגן-לעכער זענען פּחדים-פענצטער צו דער וועלט,
דאָס מויל איז אַזאַ הפקר-טיר אַרייַנצוגיין אין קאָפּ,
וואו ס׳וואוינט אין אייביק עלנט אַ געפאַנגענער: דער גייסט.

עס בּרענט די זון ל ה כ ע י ס און די הימלען זענען בלאָ,
און ס׳זידט דער ים-הגדול און דער ים-הגדול שרייט:
עס איז אים ענג זיין אַלטע וויג,
די כוואַליעס שרייען: ענג!
וואָלט ער געוואָלט די ערד פאַרפלייצן — שטייט דער באַרג בּיים ברעג:
דער שומר פון דער ווייטער וועלט,
דער היטער פון דער ערד.

און אַז דער ים ווערט הייזעריק און אָפּרו-לעכצנדיק,
און ס׳בּייגט זיך איבּער אים אַריבּער ס׳בּלאָע ווייבּ — די נאַכט,
און גלעט מיט אירע בּלאָע הענט זיין בּוזעם, שטילט אים איין,
שווימט-צו אַ בלייך לבנה׳לע צום ריזן-קאָפּ און שטייט;
פון ד׳אויגן-לעכער׳ס פּחדים-פענצטער קוקט אַרויס באַצער׳ט
אַזאַ מין שטערן-אויגנדיקס, אַ ציטער-גלאַנצל פרעגט:
»אָ זאָג מיר, וואַנדער-מיידאַלע, בּראשית-שוועסטערל,
וואָס טוט זיך עס אין מ י י ן - ג ע ו ו ע ז ן וועלט-טאָל? זע, איך בּענק
צו די מיליאָנען מענטשן מיינע, וואָס מעפּיסטאָ טרייבּט.
און גיין צו זיי — דאָס קאָן איך נישט, כ׳בּין אַ געפּענטעטער;
און וואַרטן וואַרט איך, שוועסטערל, אויף ווייסע מענטשן׳ס הענט
און זיי, די מענטשן, קומען נישט ...
דערצייל מיר, וואָס דער מער?«

רעדט שלאַף דאָס בּלייך-לבנה׳לה צום שטערן-אויגנדיקס:
»דיין קול איז מיר באַקענט, כ׳האָבּ ערגיץ-וואו אַזוינס געהערט,
נאָר ד ו אַליין בּיסט אומבּאַקענט מיר ... פרעגסט מיך וועגן וועלט —
משמעות, בּיסט ג ע ו ו ע ן אין איר אַ מאָל ... איך זע: די בּענקסט.
נו, וועלט איז וועלט; נאָך טאָג ווערט נאַכט — און סתם:
מעפּיסטאָ — האַר.
און די מיליאָנען מענטשן זענען ווילד און האָבּן פיינט.
און הייס איז נאָך דער שטיין פון זיידן קין׳ס צייט.
און ווייטער וואָס? — —
מען פּרוכפּערט זיך,
מען לויפט;
ס׳איז קיי און שפּיי;
און אַלע הערצער ציטערן אין תאוה: גאָלד און בּלוט ...«

Und auf dem Gipfel oben ist da so ein Riesenkopf:
Die Augenlöcher sind die Bangnis-Fenster hin zur Welt,
Das Maul ist eine Tür der Unzucht und sie führt zum Kopf,
Da wohnt in Einsamkeit ein Strafgefangener: der Geist.

Es brennt die Sonne f ü r c h t e r l i c h, der Himmel ist ganz blau,
Und sieden tut das große Meer, das große Meer, es schreit:
Die alte Wiege ist ihm eng,
Die Wellen schreien: eng!
Die Erde überschwemmen will's – am Ufer steht der Berg:
Der Hüter über alle Welt,
Der Hüter von der Erd'.

Und schließlich wird das Meer ganz heiser und es lechzt nach Ruh,
Und über alles beugt sich nun das blaue Weib – die Nacht,
Und streicht mit ihren blauen Händen über seine Brust,
Da schwimmt ein bleiches Möndlein, stellt sich vor den Riesenkopf;
Aus Bangnis-Fenster-Augenlöchern guckt betrübt heraus
Ein Sternäugiges, so ein Zitter-Glänzchen und es fragt:
„Oh, sag mir, Wander-Mädchen, oh, Im-Anfang[20]-Schwesterlein,
was tut sich in dem Welttal, das z u v o r d a s m e i n e war?
Ich sehne mich nach meinen Menschen, die Mephisto treibt.
Und gehn zu ihnen – kann ich nicht, bin ein Gefesselter;
Und warten tu ich, Schwesterlein, auf weiße Menschen-Händ'
Und sie, die Menschen, kommen nicht …
Erzähl mir, was geschieht?"

Das Bleich-Möndlein sagt völlig schlaff zum Sternen-Äugigen:
„Dein Stimmchen ist mir wohl bekannt. Ich hab's schon mal gehört,
nur d u bist mir ganz unbekannt … du fragst mich nach der Welt –
Das heißt, du warst einmal in ihr … ich seh': erinnerst dich.
Nun, Welt ist Welt; nach Tag wird Nacht – schlechthin:
Mephisto – Herr.
Und die Millionen Menschen, sie sind wild und sind sich Feind.
Und heiß ist noch der Stein aus Kainens Zeit.
Und außerdem? – –
Man pflanzt sich fort,
Man läuft;
So nichtig all's;
Und alle Herzen zittern vor Begierde: Gold und Blut …"

---

[20] Wiederum werden hier die beiden ersten Worte der hebräischen Bibel zitiert (Genesis 1,1). Vgl. Anmerkung 11.

*

אַלע זיבֿן הימלען זענען אָפּגעשלאָסן ווײַט
און ס׳האָט די שליסלען צוגענומען, ע ר, דער ס מ ך - מ ם!
און אויסגעהויכט פֿון קדושה איז יהוה׳ס צווייבֿער-שם
און ס׳איז דער אָדלער ג י י ס ט געבֿליבֿן שטעקן אין-דער-קלעם.

און ס׳רייסט זיך נאָך פֿון טאָל אַרויף צו הימלען אַ געבעט.
עס בעטן די, וואָס ווייסן נישט, אַז ס׳איז נישט דער אַ מ אָ ל.
און ס׳ברענגען אין דמיונות נאָך נשמות אָן אַ צאָל
צום אַלטן בלאָען רחמים-גאָט די טרערן-זילבֿער-שאָל.

און ס׳קלינגען גלאָקען. ס׳ברענען ליכט אין קלויסטער און אין שוהל
און ס׳פֿרייפֿלען אַלטע האָדזשאַס צו די גלויבערס פֿון מאַכמעט
אַראָפּ פֿון יעדן גאַניקל פֿון יעדן שפּיץ מעטשעט.
און ס׳זאָגן שמע-ישראל קליינע קינדער אויפֿן בעט.

און ס׳גייען-אויף אין יעדער האַלבער נאַכט פֿון יעדן דאַך,
אַזעלכע איידלע הענט, וואָס זאָגן: הערצער זענען וואַך.
און ס׳קלאָגן זיך די הינט אפֿילו אויף אַ יעדן שליאַך
נאָר אין די וואָלקנס קאַטשעט זיך מעפּיסטאָ׳ס גרינער לאַך …

*

און ווײַ איז די טויטע אפֿילו, וואָס זוכן אַ תיקון
אַ דאָ, אינם ישוב פֿון מענטשן, אין שיין פֿון מזלות.
אָ, די זענען טאָפּל אומגליקליך! ווײַל דיי גליט אַ קעגן
דאָס גיפּטיקע גאַז-אויג, דאָס גרינע, וואָס היפּט אויף די וועגן
אַזויווי אַ שטערן.

און קומען די שאָטן-נשמות אַרײַן אין בית-מדרש —
איז פּאָרכטיק אַזוי דאָרט די שטילקייט, אַזאַ מרה-שחורה!
עס פֿלאַקערט אַזוי מין דערשראָקן דאָס לעמפּל ביים עמוד!
און ע מ י ץ גייט-אויף אויף דער בימה אין קיטל-און-טלית

*

Alle sieben Himmelstore sind weit aufgemacht
Und er nahm alle Schlüssel an sich, er, der Samech-Mem![21]
Und Gottes Zauber-Name ist der Heiligkeit entleert
Und eingklemmt im Felsenspalt, da sitzt der Adler Geist.

Und noch schwingt sich vom Tal zum Himmel ein Gebet hinauf.
Es beten die, die nicht erkennen: s'gibt kein ehedem.
Und unzählige Seelen bringen in der Phantasie
Dem alten blauen Mitleids-Gott den Tränen-Silbertopf.

Und Glocken klingen. Lichter brennen noch in Stift und Schul[22]
Und alte Moslems plappern zu Mohammeds Gläubigen
Herab von jedem Turm, von jedem Erker der Moscheen.
Und kleine Kinder sagen Schma-Jisróel vor dem Schlaf.[23]

Und zu der halben Nacht, da strecken sich aus jedem Dach
So edle Hände und sie sagen: Herzen liegen wach.
Und selbst die Hunde klagen laut auf jedem Schotterweg,
Doch in den Wolken rollt Mephistos grünes Lachgeschrei …

*

Und Schmerz selbst empfinden die Toten, die Tíkkun erhoffen,
Ein Da an den menschlichen Orten, im Scheine der Sterne.
Oh seht, sie sind zweifach betrübt! Weil ihnen entgegen
Das giftgrüne Gasauge glüht, das hüpft auf den Wegen
Genau wie ein Stern.

Und Schatten von Seelen, sie kommen herein ins Beis-Mídrasch[24] —
Dort herrscht eine furchtbare Stille, ein schrecklicher Trübsinn!
Das Lämpchen am Pfeiler, es flackert vom Winde erschrocken!
Und einer in Kittel und Tális[25] besteigt nun die Bühne,

---

[21] Im Hebräischen einer der Namen des Satans.

[22] Im Jiddischen die Bezeichnung für das jüdische Bethaus, die Synagoge.

[23] שמע ישראל, das „Höre, Israel, [mein Gott, unser Herr, mein Gott ist Einer]" wird unter anderem vor dem Einschlafen gesprochen.

[24] Ein Lehrhaus, in dem Talmud gelernt und gebetet wird.

[25] „Kittel" ist das Sterbekleid, ein Mantel aus dünnem, weißem Stoff. Dieses trägt man schon zu Lebzeiten bei bestimmten rituellen Handlungen am Sederabend und auch am jüdischen Neujahr und am Versöhnungstag (Jom Kippur). טלית (Talit, im Jiddischen Talis ausgesprochen) ist der Schal, der von Männern während des Gebets und bei manchen rituellen Handlungen getragen wird.

און וויקלט פֿאַנאַנדער די תורה און ליינט מיט אַ ניגון
די ת ו כ ח ה, גיפּטיק אַזוי און אַזוי מין פֿאַרבּיסן,
אַז ס׳פּילן די שאָטן־נשמות דעם גרויל פֿונם לעבּן
די ווייטיק פֿון ג ו פֿ י ם ...

און ווי איז דעם צלם־געהאָנגענעם ישו בּן־יוסף
אין פֿינסטערע קלויסטערס, צי גאָר אויף די דאָרפֿישע סלופּעס,
ווען ס׳קומט האַלבּע נאַכט און ער עפֿנט די אויגן אין חושך —
דערזעט ער פּילאַטוס׳ן פּלוצים, דעם האַר פֿון גלגלתא — —
»אַ דו בּיסט דער מלך פֿון יידן? טאָ קומט דיר אַ קרוין דאָך!«
און לייגט אויפֿן מקום־של־ראש אים אַ נ י י ע ם קראַנץ דערנער
און כּיכעט און כּיכעט ...

*

מען ווייסט נישט אין הימל וואָס ס׳טוט זיך אין טאָל פֿון די מענטשן.
מען ווייסט נישט פֿון טאָג־צייט, מען ווייסט נישט פֿון נאַכט־צייט אין פּרגוד
עס גליווערן שׂרפֿים צופֿיסנס דעם גראָען יהוה.

אַן אַ נ ד ע ר ע ר דרייט מיטן גלגל אויף י ע נ ע ר ז י י ט הימל
און הערט אַלע תּפֿילות, וואָס קוואַלן־אַרויף צו יהוה,
און עס צעכאַכעט אַזוי זיך דער מורד בּמלכות!

און ס׳וועלן מיליאָנען נשמות דעם מורד נישט פֿאַנגען,
ווייל ער איז די לעבּעדיקייט אין די מענטשליכע גופֿים.
ווייל ער איז די זאַפּט אין געשפּראָץ און דער גליווער אין דומם.

נאָר סיידן אַ תּהו־ובֿהו וואָלט ווערן פֿון אַלעם
און איבּערן תּהו־ובֿהו וואָלט ווידער געקיניגט
די בּלאָע קדושה — די געטליכע קראַפֿט פֿון בּראשית.

*

מען גלייבּט נישט מער אין גאָט. מען טרעפֿט די שכינה נישט אין גאַנג.
און ס׳איז נישטאָ קיין ווינקל וואו עס בּרענט דאָס לעמפּל: רו,
און לייכט צום האַרץ.

Entrollt dort die Tóire und liest auf melodische Weise[26]
Die giftig-verbissene Anklageschrift des Propheten,
Daß die Schatten von Seelen den Greuel des Lebens erfühlen,
Die Schmerzen der Leiber …

Und weh tut's dem Joseph-Sohn Jesus am Kreuz aufgehangen
In finsteren Klöstern und auch auf Pilastern in Dörfern,
Wenn's Mitternacht schlägt, er die Augen im Dunkeln weit aufreißt –
Da sieht er nun plötzlich Pilatus, den Golgata-Herren – –
„Ah, du bist der König der Juden? Von daher die Krone!"
Und setzt wo-sein-Kopf-ist erneut einen dornigen Kranz auf
Und kichert und kichert …

*

Was sich in dem Menschental zuträgt, weiß niemand im Himmel.
Man weiß nichts von Tagzeit, man weiß nichts von Nachtzeit dort oben:
Erstarrt sind die Sráfim[27] zu Füßen des fahlgrauen Gottes.

Ein anderer dreht nun das Rad um am jenseitgen Himmel
Und hört die Gebete, die alle zur Gottheit sich schwingen,
Und der, der sich gegen das Gottesreich auflehnt – er lacht nur!

Und zahllose Seelen verschmähn den Rebellen zu fangen,
Denn er ist die Kraft allen Lebens in menschlichen Körpern.
Denn er ist der Saft im Gewächs, in den Dingen die Starre.

Es sei denn: wenn alles im Tohu-Vavohu versänke
Und über dem Tohu-Vavohu erneut würde thronen
Die hellblaue Heiligkeit – göttliche Kraft vom „Im Anfang".

*

Man glaubt nicht mehr an Gott. Die Sch'chíne[28] trifft man nicht am Weg.
Und s'gibt nicht einen Winkel, wo das Lämpchen: Ruhe brennt
Und strahlt aufs Herz.

---

[26] In der Synagoge werden an bestimmten Tagen bestimmte Abschnitte aus der Bibel laut vorgetragen, wobei man einer alt hergebrachten, dem Bibeltext eingeschriebenen Melodie folgt.

[27] „Sraf" ist eine Bezeichnung für Engel (hier im Plural).

[28] Einer der Gottesnamen, der Gottes Anwesenheit in der Welt, eine seiner Offenbarungsformen, bezeichnet.

אוּן ס׳איז נישטאָ קיין אויסגאַנג מער פוּן דעם אַרוּמיג זיין,
ווייל ס׳וועט דאָך זיך נישט עפענען אַ וואוּנדער-טיר פאַר אוּנדז,
וואָס פירט אַרויס
פוּן ד ע ם כאַאָס
אויף י ע נ ע ר זייט.

אוּן אָטעמען איז שווער אַזוי אין העלקייט פוּן די טעג
אוּן צען מאָל שווערער איז דאָס גיין זיך לייגן אויפן בעט
אַזוי אָט סתם ...
אין האַלבער נאַכט.

אוּן וועלט, איז, דאַכט זיך, וועלט: אַזוי פאַרשידענפאַרביק אַלץ!
עס גייט אַ שטראָם. סע ציט אַ וועג צוּ אַלע עקן וועלט.
אוּן יענער טויזנט-יאָרנדיקער ע מ י ץ האַלט די בייטש
אוּן טרייבט: גאַלאָפּ!

אַן אייביק ו י ת ר ו צ צ ו אין בויך פוּן טעג אוּן נעכט.
זוּן אויף —
זוּן אָפּ.
אוּן ס׳ווילן האַרץ אוּן קאָפּ אַוועק פוּן גוּף,
אַ ו ו ע ק פ וּ ן ג וּ ף.

*

איינגעשפּאַנטע דענען מיר אין וואָגן פוּן די טעג,
עס ליגן אויפן וואָגן שטיקער בליי אוּן הייסע שטיינער —
די מינוּטן.
ע מ י ץ קנאַקט מיט דיינע בייטשן,
ע מ י ץ רייט אויף אוּנדזער רוּקן,
אוּן ס׳איז ליכטיק אין די וועלטן ...

דענען גליקלאַכע פאַרהאַנען
אוּן זיי קוּמען מיט דער זוּן גלייך
צוּ דעם טויער פוּנעם אָוונט.

אוּנטער ווערבעס קניען נידער
די געמאַטערטע אוּן רוּען
אויף דער קאַלטער קוּפּע שטיינער — — —

חלום׳ט איינער: מזל מלכות,
ווײַן אוּן ווייבער אוּן באַדינטע,
זיסע שפּייזן,
רייכע גערטן,
ווייסע בעטן,
באַלדאַכימען,

Und aus dem Sein, das uns umschließt, gibt's keinen Ausweg mehr,
Weil keine Wundertüre ist, die sich uns öffnen will,
Die uns hinausführt
Aus dem Chaos
Auf j e n e r Seit'.

Und schwer fällt es, zu atmen in der Tage Helligkeit
Und zehnmal schwerer fällt es, abends dann ins Bett zu gehn
Nur einfach so …
Zur halben Nacht.

Die Welt ist, scheint es, Welt: verschieden-farbig ist es hier!
Es geht ein Strom. Es führt ein Weg zu jedem Eck der Welt.
Und jener tausend-jährge j e m a n d hält die Peitsche fest
Und treibt: Galopp!

Es ist ein ewig T r e i b e n in dem Bauch von Tag und Nacht.
Sonnauf –
Sonnab.
Und Herz und Kopf – sie wollen weg vom Leib,
N u r w e g v o m L e i b.

*

Vor den Wagen unsrer Tage hat man uns gespannt,
Und auf dem Wagen liegen Bleistücke und heiße Steine –
Die Minuten.
J e m a n d knallt mit seinen Peitschen,
J e m a n d reitet unsern Rücken,
Und ganz licht ist's in den Welten …

Glückliche gibt es auf Erden
Und sie kommen mit der Sonne
Zu dem Tor des Abends.

Unter Weiden knien nieder
Die Gemarterten und ruhen
Auf dem Haufen kalter Steine – –

Einer träumt von Königsglück,
Wein und Weibern und Bedienten,
Süßen Speisen,
Reichen Gärten,
Weißen Betten,
Baldachinen,

חלום׳ט איינער: ווייסע ים-שטעט,
בלאָע אָוונטן מיט שטערן,
איבער סאַמעטענע שטרוימען
גייען ציטערדיקע לאָדקעס
און גיטאַרעס ווייטע שפילן — —

אָבער ס׳נידערט נישט אַ יעדער
מיט דער זון אין שויס פון שלוה —
נישט אַ י ע ד ע ר שלאָפט און חלום׳ט!

ס׳ציט דער אומרו-וואָגן ווייטער
אינם חושך. מאַטע מענטשן
מוזן שלעפן ווייטער, ווייטער — —
אויפן וואָגן ליגט דער עלנט,
ליגט די פינסטערנישן-משא:
שוואַרצע שעה׳ן —
שוואַרצע שטיינער ...

ס׳ציט דער אומרו-וואָגן ווייטער.

*

די רעדער דרייען זיך, די שעה׳ן גייען זיך,
און ס׳קנייטשן שטערנס זיך ביים וועבן שלייערן
אַרום די אומגליקן און ביידע טרעפונגען,
טאָג-איין טאָג-אויס אַזוי.
טאָג-איין טאָג-אויס אַזוי.

און ס׳לויפן וואַסערן אין דער אומענדליכקייט,
אַזוי מין אומרוהדיק, אַזוי מין קלאָגנדיק.
און ביי די ברעגעס שטייען ווייסע וואוינונגען,
אַזוי מין שווייגנדיק.
אַזוי מיר עצבות׳דיק.

און ס׳זענען אָרעמס דאָ, און ס׳זענען שויסן דאָ,
וואָס קאָנען געבן גליק און לעבן׳ס זיסעקייט
און עס זענען דאָ דאָך לעהן-באַדערפטיקע,
וואָס גייען אום אין לאַנד
די קעפ געבויגענע — —

און ס׳צאַפּלט האַרץ צו האַרץ און בלוט צו בלוטן שרייט.
נאָנט איז זעל צו זעל, נאָר גוף פון גוף איז ווייט.
און מעפיסטאָ שטייט אויף יעדן אָנהויב וועג
ווי אַ פעלדן-וואַנט,
ווי אַ טייך אַ מאָל.

Einer träumt von Meeresstädten,
Blauen Abenden mit Sternen,
Über samtig weiche Ströme
Ziehen zitternd kleine Boote
Und von weit hört man Gitarren – –

Doch nicht jeder geht hinunter
Mit der Sonne in den Ruh'schoß –
Nicht e i n j e d e r schläft und träumt!

Weiter zieht der Unruh-Wagen
In den Nächten. Matte Menschen
Müssen weiter, weiter schleppen – –
Auf dem Wagen liegt das Elend,
Liegt die Last der dunklen Nächte:
Schwarze Stunden –
Schwarze Steine …

Weiter zieht der Unruh-Wagen.

*

Die Räder drehen sich, die Stunden gehn vorbei,
Und Stirnen falten sich beim Weben schwarzer Schleier
Um Unglückfälle und um üble Vorkommnisse,
Tagein tagaus geht's so.
Tagein tagaus geht's so.

Und Wasser fließen fort in der Unendlichkeit,
So furchtbar ruhelos und gar so schrecklich klagend.
Und an den Ufern stehen weiße Wohnungen,
So schweigend, gar so still.
So traurig, gar so trüb.

Und es sind Arme da, und es sind Schöße da,
Die Glück und Lebenssüße spenden können
Und es gibt noch Anlehnungs-Bedürftige
Die gehn im Land umher
Die Köpfe tief gesenkt – –

Und Herzen zappeln Herzen zu und Blut ruft Blut.
Seelen sind sich nah, doch fern ist Leib von Leib.
Und Mephisto steht an jedem Anfangsweg,
Wie 'ne Felsenwand,
Wie ein Fluß einmal.

*

איך בין אַריין — איך ווייס נישט וויאַזוי —
אין חלל פוּן קאָשמאַרנע טעג אוּן נעכט.
מען זאָגט: עס שיינט אַ זוּן, עס שמעקט מיט בעז,
מען זאָגט: עס ליגט אַ שטערנדיקע נאַכט
אַריבער וועלט —
קאָן זיין; ס׳איז וואָר.
קאָן זיין אַזוי.

אין חלל פוּן קאָשמאַרנע טעג אוּן נעכט
בין איך אַריין — איך ווייס נישט וויאַזוי —
פוּן קאָפ ביז פוּס צעווישן הויפנס פלייש
אוּן ווילדע קעפ ...

אוּן כ׳קוּק אַריין אין טויטע אויגן׳ס ים,
אין שוואַרצן גלאָז,
איך וויל דערגיין די קאַלטע וואָרע שרעק
פוּן ג ר ו י ס ן טויט — —

איך פרעג: פאַרוואָס?
פאַר וועמענס חטא?
אוּן ווער איז שוּלדיק יעדן מענטש׳ס פאַרפאַל?

אוּן כ׳רייס מיין פלייש
אוּן רייס די האָר — —

די טויטע אויגן קוּקן שטאַר,
ווי שטאָל אוּן גלאָז:

זאָג דוּ:
פאַרוואָס?!

*

ס׳אַרוּנטערגענוּמען געוואָרן דער מאָכיקער צוּדעק
פוּן מענטשליכן טוּרעם-שפּיץ — קאָפ —
אוּן דער מוח ליגט אָפן,
אוּן זידט צוּ די הימלען, אוּן טאַנצט ווי אַ קוואַל זיי אַ קעגן.

אוּן איך האָב מיין גאַנץ לייב-אוּן-לעבן אַנידערגעוואָרפן
צעווישן די קנאָכיקע ווענט פוּן אַ וועלט, וואָס איז חרוב,
אוּן טאָג ווי נאַכט רינט פוּן די ווענט אַזאַ הייס דם-התמצית,
וואָס איז מיט זרע געמישט ...
אוּן עס פאַלט ווי אין גראָזן;
אוּן עמיצער ראָיעט זיך דאָרט אין די נעכט,

*

Ich ging hinein – ich weiß nicht, wie's geschah –
In alptraumhafter Tage-Nächte Raum.
Man sagt: die Sonne scheint, nach Flieder riecht's,
Man sagt: es breitet sich die Sternennacht
Nun über alle Welt –
Vielleicht ist's wahr.
Es kann so sein.

In alptraumhafter Tage-Nächte Raum
ging ich hinein – ich weiß nicht, wie's geschah –
Von Kopf bis Fuß inmitten Haufen Fleischs
Und wilder Köpf' …

Und schau ins tote Augen-Meer hinein,
In schwarzes Glas,
Ich will ihn sehn, den kalten wahren Schreck
Vom g r o ß e n Tod – –

Ich frag': Warum?
Für wessen Sünd'?
Und wer ist schuld am menschlichen Verfall?

Und zerr' am Fleisch
Und zerr' am Haar – –

Die toten Augen glotzen starr,
Wie Stahl und Glas:

Sag' d u:
W a r u m?!

*

Heruntergezogen hat jemand die feucht-kalte Decke
Vom menschlichen Turmspitz – Kopf –
Und das Hirn liegt ganz offen,
Und brodelt gen Himmel und tanzt wie ein Quell ihm entgegen.

Und ich habe selbst Leib und Leben zu Boden geworfen
Inmitten der knochigen Wände der Welt, die zerstört ist,
Und tags wie auch nachts rinnt von diesen ein siedender Blut-Saft
Mit Samen gemischt …
Und er fällt wie auf Gräser hinunter;
Und jemand ist dort und er regt sich bei Nacht,

2. Korrektur/Umbruch/PDF - Fink - Grinberg - Mephisto / Rhema 03.11.06 / Seite: 104



ר׳איז מזנה,
און שרצים׳לעך ווערן געבוירן אַ יעדן פרימאָרגן.

— ווי לאַנג ס׳וועט געדויערן מיין אַזוי-ליגן ביי ווענט דאָ?
— יאָרן און יאָרן!
פרעג איך אַליין מיך
און ענטפער אַליין מיר.

נאָר אַז דער גרויל וועט אַ מאָל פון מיר וועלן אַנטלויפן,
וועט ער זיך האַקן צווי טירן דורך מיינע צוויי אויגן:
די י וועלן רינען און ער — וועט אַנטלויפן.
דאַן וועל איך אויפשטיין און שטרעקן די הענט און וועל הערן
דעם טאַקט פון פאַרשלאָסענע דפק׳ס אין ריטמוס פון בלוטן,
און לאָזן זיך שפּאַנען
אין ווייטע כאַאָסן.

*

דערפאַר וואָס כ׳האָב דאָס גרויזאַמסטע קאָשמאַרן-קינד דערצויגן,
וואָס גלאָצט פון מיינע אויגן-אַפּלען גיפטיק צו די מענטשן —
פאַל איך שוין נישט מנחה-צייט אויף מיינע קניעס-קנאָכנס,
תפילה-טוענדיק צום גוטן פאָטער פון די וועלטן.

דערפאַר וואָס כ׳האָב אַזוי געזאָגט: די הימלען זענען ווייטע,
וועלן מיינע פיס צו זייער בלאָקייט נישט דערגרייכן —
גיי איך אויף די שוואַרצע וועגן נאָכן שטן׳ס שאָטן.
ליג איך אויף די טרויער-ברעגעס פון די טאָלן-טייכן.

גלייב איך נישט דעם צאַפּל פון אַ פרוי אין מיינע אָרעמס.
ס׳ציטערט נישט מיין האַרץ, ווען כ׳גיי פאַרביי אַן אָפן פענצטער
און עס קוואַלט פון דאָרט אַרויס אַ ווייטיקדיקער ניגון.

אָבער חיות גלייב איך יאָ ... (איך גלייך מיר צו די חיות;)
און אַז ס׳שרייען ד׳עופות אין דיביידעמער און שטייגן —
ווייס איך: ס׳האָט מ ע פ י ס ט אָ זיי געוויזן במחשבה,
ס׳חלפל פון שוחט און דאָס בלוטנדיקע שעכט-הויז ...

און יחוד האָב איך מיט אַ הונט: איך קוק אים אין די אויגן
און איך זע די רחמים-פונקען גלאַנצן בין-השמשות —

er ist treulos,
Und morgens wird dann in der Früh Ungeziefer geboren.

– wie lang soll es dauern, daß ich bei den Wänden hier liege?
– Jahre um Jahre!
Ich frag' mich alleine
Und geb' mir alleine die Antwort.

Nur wenn der furchtbare Greuel von mir einst wird lassen,
Wird er zwei Türen sich aufbrechen durch meine Augen:
S i e werden fließen und e s – wird entlaufen.
Dann will ich aufstehn, will strecken die Hände und lauschen
Dem Takt des verschlossenen Pulsschlags im Rhythmus des Blutes,
Und lasse mich treiben
Im endlosen Chaos.

*

Und weil ich dieses Alptraum-Kind herangezogen habe,
Das aus meinen Augäpfeln die Menschen giftig anglotzt –
Fall' ich während Mínche nicht auf meiner Knie Knochen,
Wende mich nicht betend an den guten Weltenvater.

Und weil ich so gesprochen habe: Ferne ist der Himmel,
Meine Füße werden seine Bläue nicht erreichen –
Folge ich allein auf schwarzen Wegen Satans Schatten,
Liege an den Trauerufern trüber Täler-Flüsse;

Glaube nicht dem Zappeln einer Frau in meinen Armen.
Und mein Herz erbebt nicht, geh' ich unter offnem Fenster,
Höre schmerzerfüllte Melodien ihm entströmen.

Tieren jedoch glaube ich … (ich zähl' mich zu den Tieren);
Wenn im Dachgebälk die Vögel schreien, hoch sich schwingen –
Weiß ich: M e p h i s t o p h e l zeigte ihnen in Gedanken
Eines Schächters[29] Messer und das blutbeschmierte Schlachthaus …

Mit einem Hund verein'[30] ich mich: ich schau' ihm in die Augen,
sehe in der Dämmerung[31] die Mitleids-Funken glänzen –

---

[29] Das Wort „Schächter" stammt aus dem Hebräischen (שוחט). Der Schächter ist für das den jüdischen Religionsvorschriften gemäß ausgeführte Schlachten von Tieren zuständig.
[30] Auch hier findet das mehrdeutige, hebräische Wort „Jichud" Verwendung. Vgl. Anmerkungen 2 und 5.
[31] Der jüdischen Tradition gemäß ist die Abenddämmerung eine Zeit göttlicher Milde und Gunst.

גלעט איך אים און פלאַטער, און עס פאַלן מיינע טרערן
אויף דיין רוקן.

*

אָ וועלט! דו ביסט געווען אַ מאָל דאָס חן׳עווודיקע קינד
און האָסט געהאַט דאָס פאָטער-פנים פון דיין טאַטן גאָט,
און אָנגעזאַפּט ביסטו געווען מיט בלאָען רחמים, וועלט!
און הייליק איז געווען דיין גוף און ווייס אַ יעדעס גליד,
איינגעהילט אין כל-המינים-פאַרבן-קלייד
וואָס ס׳האָט
דיין טאַטע, כביכול, ד י ר געוועבט — —

און מאָל איך מיר דיין ליבשאַפט-צייט, דיין בלאָע בתולה-צייט,
מיט פולע בריסטן דיסקייטן, אַ זון-קרוין אויפן קאָפּ,
אין דיינע אויגן האָט געשיינט אַ יעדן מזל׳ס ליכט!
און מאָל איך מיר דיין רויזן-צייט אין העלן חלום-שיין,
דיין ערשטע בענקשאַפט-וויי, וואָס האָט אַדורכגעגרוילט דיין גוף,
דיין תפילה וואָס איז אויפגעגאַן אין ד׳ערשטע שטערן-נ ע כ ט,
דאַן וויל איך ווילד פאַר צער צעגיין — —
אָ וועלט!
דו וועלט פון ה י י נ ט!
ווייל דו האָסט שוין פאַרגעסן ו ו ע ר דיין גרויסער פאָטער איז,
און דו האָסט שוין פאַרלוירן דאָס געשטאַלט פון טאַטן גאָט,
און דו ביסט אַ פערדזעניש,
אַ בן-ז ק ו נ י ם — —
וויי! —
פון אַ גיפט-פאַרשיכורטער מאַמע — ס י פ י ל י ס!

און מיר, אָ וועלט, מיר מענטשן-קינדער דאָרשטיקע אין גאַנג
נאָך אַ געטראַנק, וואָס לעשט און היילט די אויסגעברענטע וואונד,
פון פלאַמענדיקן דאָרשטיק-זיין און תמיד-תאווה׳דיק,
מיר, וואָס לעכצן נאָך דעם זאַפט, וואָס פילט דאָס נפש אָן
מיט רו און זיס פאַרגעסעניש אויף לאַנגע הולטיי-נעכט,

Streichle ihn und zittere, und meine Tränen fallen
Ihm auf seinen Rücken.

*

Oh Welt! Gewesen bist du einst ein niedlich-süßes Kind
Und hast das Vater-Antlitz deines Papas[32] Gott gehabt,
Und bist von blauem Mitleid angefüllt gewesen, Welt!
Und heilig ist dein Leib gewesen, weiß ein jedes Glied,
Eingehüllt in aller Arten Farbenkleid,
Das hat
dein Vater, sozusagen,[33] dir gewebt[34] – –

Und mal' ich deine blaue Jungfern-Liebschaftszeit mir aus,
Mit voller Brüste Süße, Sonnenkrone auf dem Haupt,
Und in den Augen hell den Lichtschein eines jeden Glücks!
Und mal ich deine Rosenzeit im Traumes-Schein mir aus,
Der erste Sehnsuchtsschmerz, der deinen Leib erschauern ließ,
Dein in den ersten Sternen *nächten* aufgegangenes Gebet,
Dann will ich wild vor Schmerz zergehn – –
Oh Welt!
Du Welt von *heut*!
Weil du schon längst vergessen hast, *wer* dein Vater ist,
Und du schon längst verloren hast des Gottvaters Gestalt,
Und du ein Ungeheuer bist,
Ein *Alterskind*[35] – –
Weh! –
Von einer giftberauschten Mutter – *Syphilis*!

Und wir, oh Welt, wir durstgeplagten Menschen auf der Jagd
Nach einem Trank, der unsre Brandeswunde löscht und heilt,
die Wunde feurig-flammend' Durstig- und Begierig-Seins,
Wir, die nach dem Safte lechzen, der die Seele füllt
Mit Ruhe und Vergessen in den Nächten wilder Orgien,

32 Im jiddischen Text steht hier „Tatte", ein Kosename für Vater.

33 Das hebräische Wort כביכול (kivjachol) bedeutet wörtlich übersetzt „sozusagen", ist aber auch einer der Gottesnamen.

34 Eine Anspielung auf die biblische Gestalt Josefs, den Sohn Jakobs, der „ihn lieber [hatte] als alle seine Söhne, weil er der Sohn seines Alters war, und […] ihm einen bunten Rock [machte]" (Genesis, Kap. 37, Vers 3).

35 בן-זקונים – dieser hebräische Ausdruck, der wörtlich mit „Alterssohn" wiederzugeben ist, bedeutet in konventioneller Übersetzung „Nesthäkchen", „jüngstes Kind". Es handelt sich um eine weitere Anspielung auf die biblische Josefsgestalt (vgl. Anmerkung 34).

מיר, די מענטשן וואַנדערדיקע, דאָרשטיקע ביז טויט —
מיר האָבן שוין קיין רעטונג נישט פֿון וויסט טאָגטעגליכקייט,
און פֿאַר דער בראַנדן-מדבר — לעבן — איז שוין מער נישטאָ
קיין שאָטן-אָרט,
קיין אָפּלויף-הייל,
כּדי דאָרט צו פֿאַרגיין — —
נישט הייליקייט — ווייל ס'שטייען גאָטס מקדשים אין די שטעט
קדושה-אויסגעליידיקט, ס'גייט די שכינה נישט אין וועג — —
נישט זינד — ווייל ס'האָט שוין עמיץ-ווער, אַ ווילדער אויסגענאָגט
די תאווה-טרויבן און די זינד-ווײַן-בעכערס אויסגעזויפֿט,
און אונדזער איינעמס טרוקן ליפּל כאַפּט-זיך-צו און נאָגט
פֿון שאָלעכצער די לאַקריץ-טראָפּנס — איבערבלייבעניש
פֿון עמיצענס געזויג — — —

און ער, דער ס״ם, ימח שמו, דער אַלטער קאַוואַליר,
טריפֿט פֿאַלשע בשמים-ריחות אינם בין-השמשות ווינט
און תאווה'דיקע האָר-גערוכן,
זשוזשעט דורכן וואַלד
מיט אַ גערויש פֿון ווייבער-קליידער:
זו-זו-זו-זו ...
און רויטלט אַלע רויזן רויטער אין די גערטנער,
ווינקט
כּישופֿדיק און ליכטיקער מיט שטערן-רעדער-גלאַנץ ...
און אין סאַמע מיטן וועג אין דופּטיק טונקעלקייט
שטעלט ער ס'יצר־הרע'דיקע פֿיסל אונטער — צאַ!
און אונדזער איינער פֿאַלט און פֿאַלט אין שאול-תחתיה אַריין ...

*

מיאוסעניש, עקדישן אַרום, אַרום, אַרום — —
אין חלום, אין התבודדות, אין לויטערן געזאַנג,
איז אויסגעגאַן די קראַפֿט פֿון וועלן כּשר-זיין און פֿרום,
די קראַפֿט פֿון וועלן הייליקן און גלייבן אינם מענטש.

איך בין דערוואַכט. כ'האָב אויפֿגעהויבן מײַן באַטרערטן קאָפּ
און אָפּגעשאָקלט אַלע ציטערדיקע טראָפּנס גוטס,
און כ'האָב פֿון גוף אַראָפּגעוואָרפֿן ס'שבת'דיקע זייד.

כ'בין אָנגעטון אין אויסגעגרינטן שנאה-קלייד, וואָס איז
מיט כּישוף-פֿליטערלאַך באַהאָנגען און מיט גלעקאַלאַך,
וואָס קלינגען-אויס די גאַסן-ליבע מיט סאַלאָנען-טאַקט ...
און כ'זיץ אַ צאַרטער דאָן-זשואַן בײַם רייכגעדעקטן טיש,
און איבער אַלע בעכערס הייב איך מײַנעם אין-דער-הויך,
אַ גרימיקן »לחיים!« — רוף איך,
כ'טייטש אין האַרץ: צום טויט!

Wir, die Wandermenschen, durstig auf den Tod –
Wir finden keine Rettung vor dem Graus Alltäglichkeit,
Und vor dem Wüstenbrand – dem L e b e n – gibt es keinen Schutz,
Kein Schattenort,
Kein Höhlenweg,
Wo man entschlummern kann – –
Nicht Heiligkeit – weil Gottes Tempel in den Städten stehn,
Entheiligt, und weil man die Sch'chíne unterwegs nicht trifft – –
Nicht Sünde – weil ein wilder i r g e n d w e r den Sündenkelch
Schon ausgesoffen und die Trauben der Begierde ausgesogen hat,
Und unsereiner trocken Lippchen schnappt sich eins und lutscht
Von leeren S c h a l e n d i e L a k r i t z e n - T r o p f e n – Ü b e r r e s t
Von j e m a n d e s Gelutsch – –

Und er, der Samech-Mem, verflucht!, d e r a l t e K a v a l i e r,
Er träufelt in den Wind der Dämmerung g e f ä l s c h t e n Duft
Und aufreizende Haargerüche,
Schreitet durch den Wald
Und raschelt wie mit Weiberkleidern:
Su-su-su-su-su …
Und in den Gärten färbt er alle Rosen röter,
Winkt
Verführerisch und leuchtend hell mit Sternen-Räder-Glanz …
Und mitten auf dem Weg in duftig süßer Dunkelheit
Stellt er behende seinen Fuß, den bösen Trieb – ZA!
Und unsereiner fällt und fährt hinein ins Höllental …

*

Abscheuliche Skorpione rings umher, umher, umher – –
Aus Traum, aus Einsamkeit, ja selbst aus lauterem Gesang
Ist alle Kraft zum Koscher- und zum Fromm-Sein-W o l l e n fort,
Die Kraft zum Heiligen- und An-den-Menschen-Glauben-Wolln.

Ich wachte auf. Ich hob vom Kissen meinen trüben Kopf
Und schüttelte die zitterigen Tropfen Gutes ab
Und nahm das Schabbes-Seidentuch von meinem Leib.

Ich zog mir dann ein g r ü n g e f ä r b t e s Haß-Kleid an. Das ist
Mit Glöckchen voll behangen und mit Z a u b e r-Flitterchen,
Und im Salon-Takt läut' ich nun die Gassen-Liebe aus …
Und setze mich, ein Don-Juan, an reich gedeckten Tisch,
Und meinen Becher heb' ich über alle anderen,
Ein grimmiges „Zum Wohl" – ruf' ich,
Im Herzen sage ich: z u m T o d!

דאַן קומט די מלכה לונאַ צו צום פענצטער פון סאַלאָן
און וואַרפט אויף מיר לבנה-פלעקן …
כ׳זעץ מיר צום קלאַוויר
און קלאַפּ אויף ווייסע ביין-קלאַווישן,
אַ נאַקטורן קוואַלט
און נאָגט אַזוי, ביז כלות-הנפש …
כ׳גיס אַריין מיין גיפט — —
און ס׳שוואומט אַריין צווישן מאַן-און-ווייב דאָס טונקלע ליד
און מאַכט אַזאַ צעווישנשייד — —
דאַן שטיי איך דעמולט אויף

און איבער די באַווייבטע מאַנען וואַקס איך אויס און שטייג
און קוק אַריבער זיירע קעפּ:
עס ציטערן בסוד
די ווייבער זייערע און צאַפּלען נאָך מיין האַנט׳ס אַ דרוק …

און איינע נאָך דער אַנדערער פאַרפיר איך אין מיין הויז
און בלאָז אַריין אין שטילע בלוטן אומרו, און דערוועק
דאָס דרימלענדיקע תאוה-חיה׳לע אין פרומער הויט,
און פונקען, ווי רובינען פון אַ שרפה, גייען אויף — —

און איינע נאָך דער אַנדערער פאַרשטויס איך פון מיין שויס:
אַוועק! אַוועק!
און שפּיי אויף זייער טריט און זייער בלוט,
און כ׳לאַך און לאַך —
עס קאָרטשען זיך און שלוכצן אויסגענאָגט
די פרויען, וואָס כ׳האָב נעכטן ערשט געזאָגט: איר זענט מיין וועלט.
און ס׳ליגן צו די פיס די איידלע אויסגעדאַרטע הענט,
וואָס האָבן זייער גאָלד געשפּרייט אין מיינע שוואַרצסטע נעכט — —

איך לעב און וואַקס!
עס צערט מיין גייסט:
דער ניצוץ אלוה!
איך לאַך און לעסטער און פאַרשוועך דאָס הייליקסטע און שענד
דאָס נאַקעטע געהיטע לייב —
איך לעב פון יענעם׳ס צער
און גלוסט צו הערן מעשה׳לעך פון מענטשנס ווילדע פּיין — —
ס׳איד גוט אַזוי:
»… עס פאַלן אויס די האָר,
איך דאַר און קוואַר,
און שלאָפן שלאָף איך נישט ביינאַכט …
עס זידט אַזוי אין קאָפּ — —«

שפּאַן איך שפּעטער אום אין גאַס און פייף אַ גאַסן-ליד,
אַזוי מין אויפגעמונטערט און דערהויבן מיטן קאָפּ;
און גלאָץ קרום-אויגעוודיק אין אַלע אויגן פון אַרום,

Dann kommt die Fürstin Luna rein zum Fenster des Salons,
Wirft Mondes-Flecken auf mein Haupt …
Ich setz' mich ans Klavier
Und klimpere auf weißen Knochentasten
Ein Nocturn,
Das nagt bis an den Seelentod …
Ich gieße nun mein Gift hinzu — —
Und zwischen Mann-und-Weib drängt sich die dunkle Melodie
Und bildet eine Zwischenwand – –
Dann steh ich schließlich auf
Und wachse über die beweibten Mannsbilder hinaus
Und schau' auf ihre Köpf' herab:
Es zittern insgeheim
die Weiber und sie recken sich nach meinem Händedruck …

Und eine nach der andern führe ich zu meinem Haus
Und blase Unruh in ihr stilles Blut, und wecke auf
Das kopfscheu machende Begierde-Tier in frommer Haut,
Und Funken schießen hoch, so wie Rubin bei einem Brand — —

Und eine nach der andern stoße ich von meinem Schoß:
Nur weg! Nur weg!
Und spei auf ihre Fußspur und ihr Blut,
Und lach' und lach' —
Es krümmen sich und schluchzen a u s g e s a u g t
Die Frauen, denen ich des Nachts gesagt: bist meine Welt.
Und mir zu Füßen liegen schmale, abgezehrte Händ',
Die gaben all ihr Gold in meinen schwarzen Nächten her — —

Ich lebe, wachse!
Schlecht geht's meinem Geist:
Dem Gotteslicht!
Ich lache, lästere, entweihe jedes Heiligtum
Und schände keuschen Leib —
I c h l e b' v o m L e i d e n a n d e r e r,
U n d b i n b e g i e r i g n a c h G e s c h i c h t e n ü b e r M e n s c h e n p e i n — —
Ja, so ist's gut:
„… es fällt das Haar mir aus
ich trockne aus
und schlafen tu ich nicht bei Nacht …
es brodelt so im Kopf — —"

Später geh' ich durch die Gassen, pfeif' ein Gassenlied,
so gänzlich guter Laune und mit hoch erhobnem Kopf;
Und blicke krummäugig in alle Augen um mich 'rum,

און הער מיך אונטער מענטשנס רייד און וואַרף אַריין אַ כי,
און גיב בלויז איינמאָל אַ פּאַרצי אַ חוזק מיט מיין ברעם ...

*

און אָפּטמאָל באַגעגן איך טראָגן אַן אָרון אין גאַס:
מען טראָגט צום בית-עלמין אַרויס אַ פֿאַרגליווערטע זאַך
און דאָס איז געווען אַ מענטש, אַזאַ הולך ווי איך, —

לאַך איך און לאַך ...

און זכרים, נקבות און יתומדיק קליינוואַרג, פֿול צער,
שלעפּן זיך נאָך
און שלוכצן אַ סך.
און ווילן צעשמעטערן זייערע קעפּ אין די ווענט
פֿון דער שטיינערנער שטאָט
און צעשלאָגן זיי נישט —

לאַך איך און לאַך ...

און שפּעטער אַ שעה איז שוין זון-אונטערגאַנג,
עס פֿלאַקערן-אויף פּיאָלעטיש און בלאָ
שויבן אַ סך —

לאַך איך און לאַך ...

און לאַכנדיק קום איך אַריין אינם שענק:
האַ!
און אַז סע דערלאַנגט מיר דער קעלנער שוואַרץ ביר,
ווייל איך אים וואַרפֿן אין פּנים דאָס גלאָז:
טראַך!
און צאָלן דערפֿאַר מיטן גאָלד פֿון דער וועלט
און מיט קרוינען אַ סך ...

*

איך טרינק פֿון מיינע פּרויענס פֿולע קוואַלן מאַרך און בלוט,
זיי רופֿן מיך דער הייליקער וואַמפּיר פֿון זייער צייט,
און ס'קומען דאַן די אָפּרו-טעג פֿון מיין באַזעטיקונג
שליס איך מיינע טירן אָפּ, איך וויל זיי מער נישט זען.

און ס'ווייַנען דאַן די פּרויען מיינע אין די טיפֿע נעכט.
עס פֿאַלן-אויס די לאַנגע האָר, וואָס האָבן מיך פֿאַרדעקט.

Und lausche dem Gespräch der Menschen, werfe ein ein Hi,
Und einmal heb' ich spöttisch meine Augenbrau' dazu.

*

Und oftmals begegne ich einem getragenen Sarg:
Man trägt ein erstarrtes Objekt still zum Friedhof hinaus
Und das ist ein Mensch, so gehend wie ich hier, gewesen –

Lach' ich und lach' …

Und hinter dem Sarg her gehn Männer und Frauen und Waisen,
Schleppen sich schmerzvoll,
Und schluchzen gar viel.
Und schmettern wolln sie ihre Köpfe an Wände
Der steinernen Stadt
Und zerschlagen sie nicht –

Lach' ich und lach' …

Und nach einer Stund' geht die Sonne schon unter,
In Lila- und Blautönen flackern nun auf
Eine Vielzahl an Scheiben –

Lach' ich und lach' …

Und lachend besuche ich nun eine Schenke:
Ha!
Und als mich der Kellner mit Schwarzbier bedient,
Will ich ins Pónim[36] ihm werfen das Glas:
Trach!
Und zahlen dafür mit dem Golde der Welt
Und mit ganz vielen Kronen …

*

Ich trink' aus vollen Quellen meiner Frauen Mark und Blut,
Sie nennen mich nur h e i l i g e r Vampir in ihrer Zeit,
Und kommen dann die Ruhetage meiner Sättigung –
Schließe ich mein Zimmer zu, ich will sie nicht mehr sehn.

Und meine Frauen weinen dann bis in die Nacht hinein.
Das schöne, lange Haar, das meinen Leib bedeckt, fällt aus.

---

[36] Das jiddische, im Deutschen gebräuchliche „Pónim" – Gesicht – ist abwertend gemeint. Ursprünglich kommt es aus dem Hebräischen: פנים (paním).

אוּן ס׳קאָרטשען זיך די גוּפים אויף דער שוועל פוּן מיין געמאַך
אוּן בעטן, בעטן רחמים נאָך, אין יעדן אויפדערנאַכט.

אָבער ס׳שטייט דער ווענוּס-שטערן איבער מיין געביי,
אוּן אין מיין שטוּב איז דאָ אַ פרוי, וואָס וואַרט אויף מיין באַריר;
אוּן ס׳זיצט די שוואַנגערדיקע תאוה צווישן אוּנדז אוּן שפּילט ...
די שטערן-נאַכט פאַלט צוּ, די לוּפט מיט בשמים׳דיקע זינד — —

זאָגט ע מ י צ ע ר אין מיר: רעד-איין דער פרוי: דוּ ביסט מיין וועלט,
אוּן ס׳ציטערן די ליפּן מיינע: ביסט מיין גאַנצע וועלט!
— אוּן ס׳עפנט אירע אָדערן די אָפּגענאַרטע פרוי —
איך נאָג אוּן נאָג דאָס תמצית אויס אוּן גאָר נישט זאָגט די פרוי.

*

ס׳איז זוּנען-פינצטערניש אין אַלע וועלטן פוּנם מענטש!
אין קאָפּ,
אין האַרץ,
מוּז זיין אַ נעפּל טיף,
אַ בין-השמשות,
אוּן מיט אַ נאָכקלאַנג פוּנם טאָג׳ס דערשטיקטן האַלדז.
אוּן ס׳איז זיך פוּן דיין ווייס נשמה-הויז
אַרויסגעגאַנגען שטוּם
אַ מענטש,
אַ חלק-וועלט
אין נעפּל,
שטייט אַזוי דער סילוּעט אוּן זשמוּרעט מיט די אויגן — —

— ברוּדער מיינער, שטערן זוּכסטוּ?
ס׳אַראַ שטערן איצטער?! — —

פוּן די פאַרמאַכטע אויגן׳ס טרייע וויעס
הויבן-אָן זיך ציען ווייטע גאַסן
פוּן אַ קאַלטער קלויסטער-שטאָט
אין נעפּל.

האַ! נישטאָ קיין צלם-שפּיץ פאַר קראָען ...
כ׳זע נישט פאַרן אויג דעם ווייסן טוּרעם,
ישוּ׳ן מיט דער הייליקער כאַליאַסטרע — — —

טיר אוּן פענצטער צוּגעמאַכט פאַר פּחד ...
נישטאָ קיין מענטש וואָס זאָל אַ פייער לייגן
אוּן אַרוּם דעם פייער גיין אַ ריקוּד — —
פיל איך — אוּ ן ד ע ר ז ע א י ן פ י ל ן —: ס׳זיצן
זעקס-אוּן-צוואָנציק יאָרן׳ס טעג-אוּן-נעכט
אין נעפּל, אויף די נאַסע טראָטוּאַרן ...

Und ihre Körper krümmen sich vor meines Hauses Tür
Und jeden Abend beten, beten um Erbarmen sie.

Doch über meinem Hause steht ein Stern, der Venus-Stern,
Und auf Berührung wartet eine Frau in meiner Stub';
Und zwischen uns, da sitzt und spielt die schwangere Begier …
Die Sternennacht fällt zu, die Luft ist voll von Sündenduft – –

Sagt j e m a n d in mir: rede ihr nur ein: bist meine Welt,
Und meine Lippen zittern: du bist meine ganze Welt!
– und hintergangen öffnet ihre Adern sich die Frau –
ich sauge, sauge aus den Saft und gar nichts sagt die Frau.

*

In allen Menschenwelten ist nun Sonnenfinsternis!
Im Kopf,
Im Herz
Muß tiefer Nebel sein,
Ein Dämmergrau,
Der Nachklang eines Halses, den man tags erdrosselte.
Aus seinem weißen Seelen-Haus heraus
Ging stillschweigend
Ein Mensch,
Ein Weltenteil
Im Nebel,
Eine Silhouette steht da, zwinkert mit dem Aug' – –

– Bruder, suchst du einen Stern hier?
Was für einen Stern jetzt? – –

Aus treuen Lidern zugemachter Augen
Ziehen in die Weite sich nun Gassen
Einer kalten Klosterstadt
Im Nebel.

Ha! Kein Kreuzesspitz gibt es für Krähen …
Mit dem Auge sehe ich den Turm nicht,
Jesum mit der heiligen Gesellschaft – – –

Tür und Fenster sind vor Angst geschlossen …
Niemand da, ein Feuer anzumachen
Und ums Feuer rundherum zu tanzen – –
Da, ich fühl's – u n d w e i ß i m F ü h l' n –: Es sitzen
All der sechsundzwanzig Jahre Tage-Nächte
Auf den nassen Gehsteigen im Nebel …

טעג: אַזעלכע טימטומ׳ס, א ו י ס ג ע ד ו י ג ט ע,
האָבן נישט קיין בלוטן אין די גלידער
און אַלע זענען בלינד אַזוויווי וואָלקנס …

נעכט: אַזעלכע ווײַבער, שוואַרצבאַוואַקסן,
האָבן נ י ש ט קיין קינדער אין די שויסן
נאָר אַ קופּע שרצים׳לעך צעפּיסנס — —
קלאָגן טעג, דערווײַטערט פון די נעכט:
וואָס קענען מיר אײַך העלפן,
שוואַרצע ווײַבער,
אויסגערינען זענען אונדז די אויגן,
אונדזערע גערעדעים אײַנגעשרומפּן — —

ענטפערן די ווײַבער אינם קלאָגן,
ווײַט פון טעג
ווי מזרח פונם מערב, —:
מיר האָבן לאַנג שוין מילעך אין דער ברוסט נישט!
סם אפילו נישט!
נאָר אַש אין בודעם —
שיטן מיר דאָס אַש אײַך צו די פּיס איצט — —

אַ קערפּער גיט אַ ציטער,
און אַסטמאַטיש
קײַכט אַ מויל אין נעפּל:
ההאַ …
און גליווערט.
און איך, אַ גוף,
אַ חלק וועלט,
אַן אײַנזאַם לײַב-און-לעבן,
גיי אַרײַן אַ קלויסטער-שטאָט אין האַרצן — —
נעפּל,
נאַכט.
ס׳קאָן זײַן איך זיץ אין אַ קאַפּע
און פלאַפּל …
מענטשן-קעפּ. געבראַזג פון גלאָז. געווימל.
שפּיגל-גלאַנץ. רובינען-בליץ פון צירונג,
(אין האַרץ איז דאָך נישטאָ קיין לאָמפּ. ס׳איז נעפּל …)
מענטשן זענען מיד און ד ו ר כ ג ע נ ע פּ ל ט — —
בלײַ איז אין די אָדערן געגאָסן — —
שווער איז שוין צו געניצן אפילו — —
בלאָזט מען פּאַפּיראָסן-רויך אויף ווײַבערשע פּרידורן — —

Solche Tage: dumpfe, ausgesaugte,
Die kein Blut in ihren Gliedern haben
Und die alle blind wie Wolken sind …

Nächte: solche Weiber, schwarz-bewachsen,
Haben k e i n e Kinder in den Schößen,
Nur zu Füßen einen Haufen Würmer — —
Nun verdrängt von Nächten klagen Tage:
Womit helfen wir euch,
Schwarze Weiber,
Ausgedörrt sind unsre Tränensäcke,
Unsere Gedärme ganz verschrumpelt — —

Klagend geben Antwort nun die Weiber,
Von den Tagen weit entfernt
Wie Ost von West, —:
Längst ist keine Milch in unsern Brüsten!
Nicht mal Gift!
Nur Asche ist im Busen —

Vor die Füße schütten wir sie euch jetzt — —
Ein Leib wird durchgeschüttelt,
Und asthmatisch
Keucht ein Mund im Nebel:
Hhha …
Erstarrt.
Und ich, ein Leib,
Ein Weltenteil,
Ein einsam Leib-und-Leben,
Geh in eine Klosterstadt im Herzen — —
Nebel,
Nacht.
Kann sein, daß ich im Cafe sitz'
Und plapper …
Menschenköpfe. Glasgeklirr. Gewimmel.
Spiegelglanz. Rubinenblitz und Zierat,
(Im Herzen keine Lampe – es ist neblig …)
Menschen sind ermüdet und d u r c h n e b e l t — —
Blei ist in die Blutadern gegossen — —
Selbst das Gähnen macht den Menschen Mühe — —
Man bläst Watterosen-Rauch auf weibische Frisuren — —

קאַפּעליע שפּילט און וויל געמיטער וועקן,
וויל דערמאַנען: בלוטן זענען ר ו י ט ע,
און אַז ווייבער רייסן פון זיך שטיקער,
און עס שרייען טראַכטן איצט: באַמאַנונג!

בלוטן שווייגן — —
נעפּל. נעפּל. נעפּל.

די קאַפּעליע שפּילט אַריין אין נעפּל — —
זאָל זיין די שפּילט און זאָגט אין ש ו ב ע ר ט ס ניגון:
ווינד-און-וויי אייך, לייט, וואָס הערן שפּילן!
ניין, נישטאָ שוין מער קיין טויט בנשיקה,
וואָס דערציילט זיך אין די מעשה׳לעך ...
טויט איז אויך יסורים.
טויט איז גאַליק
און ביי יונגע דויערט לאַנג די גסיסה!
צימבל צימבלט.
ס׳הערן ד׳אויערן: באַרג אָפּ צום שעכט-הויז
רעוועט שפּאַנענדיק
אַן אָקס צו שחיטה — —
אָט-אָ פאַלט ער,
שלאָגט דעם קאָפּ צו סאַמע באַרג-אָפּ שטיינער ...
ד י י ן קאָפּ?
מ י י ן קאָפּ?
ס׳אַראַ חילוק?!
שטיינער לאָזן אין זיך שלאָגן תמיד
הייסע קעפּ, וואָס טראָגן ווייטיקן ...

*

כ׳וויל רייסן די קרוין פונם זון-גאָט אַ פּ אָ ל אָ
און פּענטען אין קייטן דעם ה י י ל י ק ן אַ מ אָ ר
און שפּייען זיי ביידע אין ד׳אויגן — און פירן
די נאַקעטע ו ו ע נ ו ס צום טיש פון דער תאווה!

אַך, זינדיקן וויל איך! כ׳וויל בלומען צעטרעטן
און בעכערס קרישטאָלענע וואַרפן צום פעלדן!
אך, שיכור׳ן וויל איך! אַ נאַקעטער טאַנצן
אין ראָד פון צעזאָטענע ווייבער אין ווין-הויז!

וואָס דען טויגן הענט, אַז נישט ברעכן און פליקן!
וואָס דען טויגן ליפּן, וואָס דאַרשטן און לעכצן!

Die Kapelle will Gemüter wecken,
Will daran erinnern: r o t sind Blute,[37]
Und dann reißen Frauen Stücke von sich
Und es schrein Gebärmütter: Bemannung!

Blute schweigen — —
Nebel. Nebel. Nebel.

Der Kapelle Lied vergeht im Nebel — —
Sie soll spielen und nach S c h u b e r t sagen:
Wind-und-Weh euch, Leute, die mich hören!
Nein, den sanften Tod kann's nicht mehr geben,
der in den Geschichten noch erzählt wird …
Tod ist Pein und Qualen,
Tod ist gallig
Und bei Jungen dauert lang das Siechen!
Eine Zimbel zimbelt.
Zu Gehör kommt: Rauf den Berg zum Schlachthaus
Brüllt beim Laufen
Hin zur Schlacht ein Ochse — —
Da, nun fällt er,
Schlägt den Kopf auf harte Berg-auf-Steine …
Sein Kopf?
Mein Kopf?
Gibt es einen Unterschied?!
Steine lassen immer auf sich schlagen
Heiße Köpfe, die Schmerz ertragen …

*

Ich will dem A p o l l o die Krone entreißen,
Den h e i l i g e n A m o r in Kettenwerk schlagen
Und beiden ins Auge rein speien — und führen
Die nackige V e n u s zum Tisch der Begierde!

Ach, sündigen will ich! Will Blumen zertreten,
Kristallene Becher an Felsen zerschmettern!
Ich will mich betrinken! Will nackig zum Tanz gehn
Im Kreise mit hitzigen Weibern im Weinhaus!

Wozu taugen Hände? Zum Brechen und Flicken!
Wozu taugen Lippen, die dürsten und lechzen!

---

[37] Blute ist der im Deutschen kaum gebräuchliche Plural von Blut.

כ׳בין מיד שוין פון שטרעקן די אָרעמס צום הימל,
כ׳בין מיד שוין פון שעפּטשען די תּפילות צום הימל.

כ׳האָב פֿיינט טאַטע-מאַמע!
איך האַס זייער תּורה!
כ׳האָב פֿיינט אַלע דיכטער׳ס השתּפּכות-הנפש!
וואָס דען טויגן גלידער? וואָס דען קאָכן בלוטן?
וואָס דען טויגן קולות און ליידנשאַפטס-קוויטשן?

אָבער מיט וואָסערער קראַפט זאָל איך רייסן
געפֿיל-און-זכרונות-געוועב פון נשמה?
און-וואָס-פאַר-אַ וועג קאָן מיך פֿירן צום ברונעם,
וואו כ׳זאָל מיט פאַרגעסן-געטראַנק מיך באַטרינקען?

עס זייגט פון די זינד אויס מ ע פ י ס ט אָ די זאַפטן
און גיסט אין קרישטאָלענע בעכערס נאָר ל אַ ק ר י ץ — —
איך זיץ אין עלעקטער ...
איך פלאַטער: די מאַמע
אין זיידענעם טיכל ביים ליכט-בענטשן. שבת — —

איי, מאַמענקע, מאַמע, זידט אונטרן שטערן
אַ תהו-ובהו,
אַ תהו-ובהו!
און ווער איז דאָס נאַקעטע לייב אויפן דיוואַן?
און וואָס איז אַזאַ מין געצאַצאַכץ פון טאַצן?
און וואָס איז אַזאַ מין געזשומדשל פון סטרונעס? —

איי, מאַמענקע, מאַמע!
אַ האַנט גלעט מיין שטערן —
די האַנט פונם פרייד-הויז — —
און דאָס איז דיין האַנט נישט!
איך גליווער און גליווער.
אַ ש נ י י איז געפאַלן
ביי מיר אין געמיט,
ס׳שטייען ווערבעס געבויגן
און פייגאַלאַך קלאָגן אַזוי אין די צווייגן!
אַרום איז נאָך ת מ ו ז ...

Bin's müde, die Arme zum Himmel zu strecken,
Bin's müde, Gebete zum Himmel zu flüstern.

Ich hasse die Eltern!
Ich hass' ihre Toíre!
Ich hasse den Seelenerguß aller Dichter!
Wozu taugen Glieder? Wozu kocht das Blut denn?
Wozu taugen Stimmen und Leidenschafts-Quietschen?

Doch welche Kraft kann mir helfen, zu reißen
Gefühls- und Erinnerungs-Stoff von der Seele?
Und was für ein Weg kann zum Brunnen mich führen,
Wo ich am Vergessenheitstrunk mich betrinke?

Mephisto ist's, der aus der Sünde den Saft saugt
Und in die kristallenen Becher Lakritz gießt – –
Ich bin unter Strom …
Ich bebe: die Mutter
In seidenem Tuche beim Licht-Segnen. Schabbes[38] – –

Ei, Mamenke, hinter der Stirne, da siedet
Ein Tohu-Vavohu,
Ein Tohu-Vavohu!
Und wer ist der nackige Leib auf dem Divan?
Und was ist denn dieses Gejaule der Zimbel?
Und was ist denn dieses Geschrumme der Saiten? – –

Ei, Mamenke, Mamme!
Es streichelt mich jemand –
Die Hand vom Bordell ist's – –
Und s'ist gar nicht deine!
Ich erstarre, erstarre.
Oh, Schnee ist gefallen
Bei mir im Gemüte,
Gebeugt stehen Weiden
Und Vögel, die klagen so laut in den Zweigen!
Noch immer ist Támus[39] ….

---

[38] Schabbat (in yiddischer Aussprache Schabbes), der siebte und als solcher geheiligte Tag in der jüdischen Woche. Der Anbruch des Schabbat wird am Freitagabend mit dem Anzünden der Schabbatkerzen bezeichnet. Diese rituelle Handlung wird traditionell von der Mutter oder Frau des Hauses ausgeführt.

[39] Im Sumerischen und Akkadischen ist „Tamus" der Gott der Fruchtbarkeit. Sein Name wurde seit der babylonischen Gefangenschaft zur Bezeichnung des vierten Monats im jüdischen Kalenderjahr verwendet und fällt ungefähr mit Mitte Juli bis Mitte August zusammen.

איך הער, ווי עס קלירן
די זילבּערנע קאָסעס
און ס׳לאַכן און זינגען
די שניטערקעס:
תּמוז. — —
ווער תּמוז? וואָס תּמוז? וואָס זינגען זיי? מאַמע
אין זיידענעם טיכל בּיים ליכט-בּענטשן. שבּת — —

*

פלאַקער, מוח!
פלאַקער,
פלאַקער,
קאָך דיך, בּלוט,
אָ תּאווה!

גאָלד מיט רענדלאַך ... בּראַוואָ, פּרימאַדאָנאַ, פאַרן זינגען:
mundus vult decipi, ergo decipiatur — —
קעלנער! שנעל אַ הער צום טיש דעם זידיגן שאַמפּאַניער.
שאַמפּוס האָט אַ מעלה: ס׳איז דער ריח פון נירוואַנאַ ...
און איך זע די פּנים׳ער, די עקליגע, פון אַלטאָג —
ניי, אַזוי ווי כ׳וויל זיי זען: איך זע זיי פוטוריסטיש.

ס׳נודעט דאָס עלעקטער-ליכט, עס נודעט די קאַפּעליע,
ס׳נודעט זיך דער גרויסער פּאַן, ווייל אייבּיק גרין זיין וואַלד איז.
ס׳נודעט זיך די מלכּה ווענוס, ווייל עס ליגט צופיס איר,
אַמאָר אינם בּלאָען העמדל, ווי אַ שיין, און ציטערט;
בּייטלט-אויס חלומות: וויי און בּענקעניש און שכינה ...
און ער שניידט נישט אויף די פולע אָדערן פון ווענוס
און ער שרייט נישט: היי! אַז ס׳זאָלן ציטערן קרישטאָל-ווענט — —

ס׳נודעט, נודעט: לידער-וואַסער, סענטימענטן-לאַקריץ ...
גראַמען-שטראַמען: ליבּ און טריבּ, און האַרץ מיט שמאַרץ און כ׳ווייס-וואָס!
מיידל — קליידל, מלאך — גלח, זינד און בּלינד און גאַס-הינט — —
און עס עקלען אַלע קדשי-קדשים די בּלאָע!
און עס עקלען אַלע תּפילות, טרערן-ציטערדיקע!
און עס גרילצן אַלע דרשות וועגן מזל פּאַטום!

גוט איז ... אַ ... אַ נייע וועלט ... ס׳איז נאָכאַמאָל בּראשית!
ס׳גייט אַ נייער גאַליק-גרינער מעפּיסטאָפל-דיכטער
און אַ בּינטל ערשטלינג-בּליטן פון דער תּאווה טראָגט ער — —

Ich höre das Klirren
Der silbernen Sensen
Und Lachen und Singen
Der Schnitter:
Tamus. — —
Wer Tamus? Was Tamus? Was singen sie? Mamme
In seidenem Tuche beim Licht-Segnen. Schabbes – –

*

Flacker, Hirn!
Oh, Flacker,
Flacker,
Koche, Blut,
Begierde!

Gold mit Rändchen … Bravo, Primadonna, für dein Singen:
Mundus vult decipi, ergo decipiatur[40] — —
Kellner! Schnell an unsern Tisch den sprudelnden Champagner.
Schampus hat die Eigenschaft: er duftet nach Nirwana …
Und ich seh' die ekligen Gesichter aus dem Alltag —
Neu, wie ich sie sehen will: ich seh' sie f u t u r i s t i s c h.

Die Elektro-Lichter langweiln, die Kapelle langweilt,
P a n, er langweilt sich, weil seine Wälder immergrün sind.
Fürstin V e n u s langweilt sich, weil ihr zu Füßen lieget
A m o r in 'nem blauen Hemdlein, wie ein Schein, und zittert:
Er siebt Träume: Weh und Sehnsucht und der Geist des Gottes …
und der V e n u s schneidet er nicht auf die vollen Adern
und er schreit nicht: Hei! Kristallne Wände sollen beben — —

Langeweile: Lieder-Wasser, Sentiment-Lakritze …
Schlechte Reime: Lieb und Trieb, und Herz mit Schmerz und sonst was!
Mädchen — Kleidchen, Engel — Bengel, Sünd' und blind und Abgründ' — —
Und es ekeln mich die ganzen blauen Heiligtümer!
Und es ekeln mich die tränenzitternden Gebete!
Und aus allen Ecken zirpen Predigten vom F a t u m!

Gut ist's … eine neue Welt … e s i s t n o c h m a l i m A n f a n g!
Geht ein neuer gallig-grüner Mephistophel-Dichter,
Trägt mit sich ein Bündel Erstlingsblüten der Begierde — —

---

[40] „Die Welt will täuschen und wird also getäuscht". Diese lateinische Redewendung, die wohl auf Luther zurückgeht, war zu Anfang des 20. Jh. jedem Gymnasiasten geläufig. (Ich danke Yossef Schwartz für diesen Hinweis.)

די קאַפּעליע שפּילט פֿון וואונדער: פֿרילינג-צייט אין ווינטער,
און דער דיכטער זינגט זיך אונטער: mundus vult decipi — —

זאָג איך אין מיין גרויס התלהבות אָט די רייד און פֿלאַקער —
(קיי און שפּיי! זאָגט עמיץ אונטער מיר זיך אָפּ — ביסט שיכּור!)
און ד׳אויגן מיינע בליצן חיה׳יש צו דער פֿרוי, זי ציטערט ...
ציטער נישט! (איך זאָג איר: ד ו!) קום גיי מיט מיר, כ׳בין צעאוס!
האַלבע נאַכט וועל איך באַפֿעלן: דונערט, זיבן הימלען!
זאָל די אַלטע וועלט דערמאַנען זיך די ע ר ש ט ע פֿרוי-נאַכט!

האָב איך נאָר אַרויסגעזאָגט בלויז: ה אַ ל ב ע נ אַ כ ט — און ס׳א י ז שוין.
צאָלן! — שרייט דער קעלנער,
לעשט די לאָמפּן,
האַלבע נאַכט איז — —
טיף אין מיין געמיט האָט זיך אַן עדה קעץ צעיאָמערט:
יאָמער — אָמר,
ר׳האָט געזאָגט
דער תנא:
ה אַ ל ב ע נ אַ כ ט —
איז!
און כ׳שטיי און קריץ מיט מיינע ציין:
— אַ היים?
— אַ היים!
אַודאי! —
שאָקלט עמיץ טיף אין מיר מיט אַ קוביסטיש קעפּל ...
און עס ליגט מיין לאַנגער שאָטן איבער דעם בולוואַר שוין.

*

דענען פֿאַרלאָשן די לאָמפּן אין שטאָט.
איינציקע לאָמפּן לייכטן זיך יאָ:
טרויער אין שטאָט.
מתים אין שטאָט.

ערגעץ וואו ווייט,
פֿון אַ נאַכטישן עק
שטאָט אין דער וועלט
וואַרפֿט זיך אַ פֿינצטערער קאָפּ פֿון אַ פֿרוי,
און ד ע ר איז געלעגן אַ מאָל אויף מיין קני

Die Kapelle spielt von Wundern: Frühlingszeit und Winter,
Und der Dichter singt für sich: mundus vult decipi — —

Sage ich mit wachsender Begeisterung und flackre —
(Nichtig! Sagt da jemand hinter mir — du bist betrunken!)
Meine Augen blitzen tierisch einer Frau zu und sie zittert …
Zitter nicht! (ich sage: du!) Komm, geh mit mir, dem Zeus nach!
Eine halbe Nacht will ich befehlen: Donnert, sieben Himmel!
Soll die alte Welt der ersten Fraunacht sich erinnern!

Ausgesprochen hab' ich kaum: halbe Nacht — schon ist es.
Zahlen! — schreit der Kellner,
Löscht die Lampen,
Halbe Nacht ist's — —
Tief in meiner Brust drin hat ein Katzenchor gejammert:
Jammer — sagte er,
sagte er,
Der Táne:[41]
Halbe Nacht —
Ist's!
Ich steh und knirsche mit den Zähnen:
— nach Haus?
— nach Haus!
Gewißlich! —
Jemand schaukelt in mir drinnen ein kubistisch Köpfchen …
Und schon liegt auf dem Boulevard mein langer, schmaler Schatten.

*

Längst schon gelöscht sind die Lampen der Stadt.
Einzelne Lampen jedoch sind noch an:
Leid in der Stadt.
Tod in der Stadt.

Irgendwo weit,
Aus einem nächtlichen Eck
Stadt in der Welt
Wirft sich ein finsterer Frauenkopf,
Der hat mal auf meinen Knien gelegen

---

[41] תנא (taná) ist die hebräische, im Jiddischen „tane" ausgesprochene Bezeichnung für die Schriftgelehrten, die im 1. und 2. Jahrhundert n. Chr. im Lande Israel lebten. Das Wort leitet sich aus der aramäischen Wurzel תני (t.n.i.), was „lernen, lehren, weitergeben" bedeutet, her.

און גערוט אין די הענט.
טויב אָבער זענען די אויערן,
טויב:
קאָן איך נישט הערן די קלאָג פֿון אַ פֿרוי,
קלאָג אין דער נאַכט.

האַלט איך געשטרעקט אינם חושך אַריין,
ווי איבער אַ ים, מיינע נאַקעטע הענט.
פֿיל איך די הייליקע ווייסקייט פֿון זיי,
וואָלט איך געקלאָגט — —:
וואָס איז דאָס טאָג,
און וואָס איז דאָס נאַכט,
שפּאַנען אין גאַס,
אָדער ליגן אין בעט?

(ווײ איז צו מיר, וואָס איך טראַכט אין דער נאַכט!)

און גליוועררדיק שטייט
צעקאָפּנס פֿון בעט
דער פֿולער קרוג
מיטן שוואַרצן שלאָף,
און די נאַכט שפּרייט
איר וויקל-טוך
פֿון שחורה׳דיקייט
איבער וועלט,
איבער מיר — —
מאָרגן וועל איך מיט אַ גאָלדענעם טאָג
אויף די אַקסלען אַרויס
פֿון דער נאַכטס האַרץ
און אַוועק אין דער וועלט
הו — —
האַ — —
דערווייל אָבער:
שאַ!!
שאַ!
שאַ.

Und hat in den Händen geruht.
Doch taub sind die Ohren,
Taub;
Ich kann die Klage der Frau gar nicht hören,
Klage der Nacht.

Ausgestreckt halt' ich ins Dunkel hinein,
Wie überm Meer, meine nackigen Hände.
Ich f ü h l e ihr heiliges Weiß,
Und will klagen — —:
Was ist denn Tag,
Und was ist denn Nacht,
Draußen umherirren
Oder im Bett liegen?

(Weh tut es, was ich bei Nacht mir so denk!)

Und erstarrt steht
Am Kopfe des Bettes
Der Krug
Voll mit schwarzem Schlaf,
Und die Nacht breitet
Über der Welt
Ihr Gewand aus,
Das Schwarz,
Über mir — —
Morgen will i c h mit 'nem goldenen Tag
Auf den Schultern hinaus
Aus der Nacht Herz
Und weg in die Welt
Ho — —
Ha — —
Solang aber:
Scha!![42]
Scha!
Scha.

---

[42] Das jiddische „Scha!" ist dem deutschen „Sch!" zu vergleichen und bedeutet so viel wie „Sei still!"

*

ווײ מיר! איך אַלײן בין דאָך דער אויסטערלישער פּלאָנטער
און עס קאָן מײן נאַקעט לײב פון פּלאָנטער נישט אַרויסגײן!
ווײ מיר! איך אַלײן האָב דאָך געוועבט דאָס ווילד געוועבעכץ
פאַר די ווילדסטע טעג און נעכט פון האַ-און-הוי ביז עקל,
און נאָך דעם שײן פון נאַרן-זיך האָט דאָך מײן האַרץ געצויגן,
און כ׳האָב אַלײן געטריבן מײנע שיפן צום פאַרפאַלן!

ווײ מיר! כ׳האָב מיט מײנע הענט פאַרדאָרבן מײנע פּרות
און געלאָזט אין מײנע ווײנשטעק די שאַקאַלן לויפן
און פון מײנע זילבער-קוואַלן פרעמדע דאָרשטן שטילן!
הײנט פאַרוואָס׳זשע קלאָג איך מיך אויף א ו מ ש ו ל ד י ק ע מענטשן
און שנאה-פונקען זע איך דײ אין ד׳אויגן, נישט דעם פּליטער
פונם ליבשאַפטס-טרויער-ליכט, וואָס לײכט בײ דײ אין נפש!!
ס׳האָבן דאָך די צאַרטעסטע געשטרעקט די שמאָלע הענט מיר,
מיט דעם הײליק אָדער-צוקן: קדושה און אהבה!
טרערן שטילע, טײערע, אַזויווי די בריליאַנטן,
זענען דאָך פון מײנעטוועגן שנירלווײז געפלאָסן ...
אָבער איך האָב נישט געלײגט מײן קאָפּ אין טרײע שויסן.
כ׳האָב געוואָרפן בלאָטע-גרידעס אין די קלאָרסטע טײכן!

ס׳זענען אויפגעגאַנגען ווײס צו מנחה-צײט גאָט׳ס הײזער.
און ס׳האָט אַ ווינקל שטיל געוואַרט: מײן גוף זאָל דאָרטן פאַלן,
בעטנדיק דאָס לויטערע געבעט פון אַ מתבודד — —
און ערגיץ אין אַ וואַרעם שטיבל, רו-פול און בטחון,
האָט געברענט אַ לעמפּל, ס׳איז געזעסן פרום די מאַמע,
פאַר מײן קלײנסטן שוועסטערל געהאַקלט פּיסן-זעקלאַך — —
(פרומע אויגן האָט דאָס קלײנע שוועסטערל, און ס׳הערצל
צאַפּלט נאָך דעם אָנבליק פונם ווײטן ג ר ו י ס ן ברודער ...)

ווײ מיר, ווײ! און א י ך וואו האָב געוואַנדערט דעמאָלט זינדיק?
ווען מען האָב איך געזוכט אין אַלע שאַמפּוס-הײזער
און געזאַפּט אַרײַן אין מיר די בשמים פון אַ זונה
גאַנצע נעכט אַזוי, ביז ס׳האָט אַרײַנגעגעניצט גיפטיק
אינם שיכור׳דיקן שלאָף אַלטאָגיקער בהקי׳ץ — —

*

אין די הענג-לײכטער׳ס ברענען די חלב׳נע ליכטלאַך
און הימעלדיק בלאָ איז די לופט אין בית-מדרש
עס וואַרטן די זקנים אויף צאת הכוכבים,

*

Weh mir! Ich allein bin doch die sonderbare Wirrnis
Und mein nackter Leib kann diese Wirrnis nicht verlassen!
Weh mir! Ich alleine wirkte doch das wild' Gewebe
Wilden Tagen und auch Nächten von Ha-Ho zu Ekel,
Und vom Schein der Narren ließ mein Herz sich doch verführen,
Und alleine trieb ich meine Schiffe in die Fluten!

Weh mir! Eigenhändig hab' ich meine Frucht verdorben
Und in meine Weinstöcke Schakale laufen lassen
Und aus meinen Silberquellen fremden Durst gestillet!
Weshalb klage ich dann über u n s c h u l d i g e Menschen
Und seh' Haß-Funken in ihren Augen, nicht den Glanz von
Einem Liebschaft-Trauer-Licht, das ihr Gemüt erleuchtet!!
Streckten nicht die Zartesten nach mir die schmalen Hände
Mit sakralem Aderzucken: Heiligkeit und Liebe!
Stille, teure Tränen, Diamanten zu vergleichen,
Flossen kettenweise doch allein nur meinetwegen …
Doch ich legte meinen Kopf nicht in die treuen Schöße.
Lieber warf ich dicke Dreckklumpen in klarste Teiche!

Gottes Häuser sind zur Mínche-Zeit weiß aufgegangen.
Und still geharrt hat eine Ecke: fallen soll mein Körper,
Eines Eigenbrödlers lauteres Gebet zu beten — —
Und irgendwo in einer warmen Stube, ruhig und sicher,
Hat gebrannt ein Lämpchen. Und die fromme Mutter saß dort,
Und sie häkelte der kleinsten meiner Schwestern Söckchen — —
(Fromme Augen hat das kleine Schwesterlein, das Herzchen
sehnt sich nach dem Anblick ihres fernen g r o ß e n Bruders …)

Weh mir, weh! Und i c h, wo wanderte ich derzeit sündig?
Wen denn suchte ich in all den lauten Schampus-Häusern
Und sog in mich ein den Duft von einem Freudenmädchen
Ganze Nächte lang, bis dann mit offnen Augen, giftig
Ein Alltäglicher in den betrunknen Schlaf mir gähnte —

*

In den Kronleuchtern brennen die milchigen Lichter
Und himmelblau glänzet die Luft im Beis-Mídrasch
Es warten die Alten aufs Leuchten der Sterne,[43]

[43] Erst wenn drei Sterne am Himmel zu sehen sind, ist der Schabbat, der siebte und geheiligte Tag der jüdischen Woche, zu Ende. Eine neue Woche beginnt.

און פֿול איז דאָס בלוט מיט די קלאַנגען פֿון מנחה — —
דער קלויסטער-גלאָק קלינגט און דער קלאַנג איז מעורר,
עס קניִען בלחש איצט הייליקע מענטשן.
דער אָרגל טוט תּפֿילה און בעט פֿאַר די מענטשן
ס׳געבעט פֿון די הערצער — —

אין וואָס-פֿאַר-אַ הייליקן הויז זאָל איך קומען
מתודה-זײַן-זיך אויף די ווילדע חטאים,
וואָס ס׳האָבן באַגאַנגען די אברים מײַנע
און איך — בין נישט שולדיק?

אין ד׳אייגענע גלידער זיץ איך נישט און קיניג,
נאָר ער, דער בעל-דבר, דער ס״ם, מעפּיסטאָפּל!
אָט וויל ער — באַפֿעלט ער: רוישט ווילדער, איר בלוטן!
עס וואַזשען די צײַטיקע דופּטיקע עפּל
אַראָפּ פֿונם ליידנשאַפֿטס-בוים, דעם געגלוסטן.
אָ זאָלן די הענט זיך דערהייבן און רײַסן
די צײַטיקע עפּל,
די צײַטיקע עפּל!

און וויל ער באַפֿעלט ער: פֿאַרלאָז די דײַן צנועה,
וואָס האָט דיר די כּלה׳שאַפֿט-קוואַלן געעפֿנט,
און ווײַנט די — כאַ-כאַ! ס׳וועט אַן אַנדערער קומען
און ס׳איבערגעבליבענע וואַסער אין ברונעם
וועט יענעם געניגן,
וועט זיכער געניגן!
די תּאווה׳קע נאַכט קומט!
די תּאווה׳קע נאַכט קומט!
אָהאָ, ווי די דופּטעט!
אָהאָ, ווי די בלישטשעט!
אָ לויב די הולטייעס און וואויל צו די ווײַבער
אין הויז פֿון דער תּאווה, וואו ס׳זידן די ווײַנען!

טאָ גיי איך און טו; און לאחר המעשה —
זיצט ער, דער בעל-דבר, בײַ מיר אין די בלוטן
און משפּט, און שרײַט: מאַך אַ חשבון-הנפֿש!
און אויב איך געדענק נישט,
און אויב איך געדענק נישט —
טאָ הייסט ער מיר קוקן
אין ספֿר-זכרונות

Und voll ist das Blut von den Klängen der Mínche — —
Die Kirchglocke klingt und sie reißt aus dem Schlafe,
Es knien nun flüsternd die heiligen Menschen.
Die Orgel verrichtet Gebet für die Menschen,
Der Herzen Gebet — —

In welches geheiligte Haus soll ich gehen,
Um dort meine tierischen Sünden zu beichten,
Die Sünden, die nur meine Glieder begingen,
Und ich — bin nicht schuldig?

Nicht ich herrsche über die eigenen Glieder,
Nur er, der Baldóver[44], der Sa' m,[45] Mephistophel!
Was er will — befiehlt er: rauscht wilder, ihr Blute!
Es hängen die frühreifen, duftenden Äpfel
Herunter vom lüsternen Leidenschaftsbaume.
Oh, strecken soll sich eine Hand und sich nehmen
Die frühreifen Äpfel,
Die frühreifen Äpfel!

Und will er, befiehlt er: Laß ab von der Keuschheit,
Die dir wohl die Quellen der Brautschaft geöffnet,
Und weint sie — Ha-Ha! S'wird ein anderer kommen
Und das in dem Brunnen verbliebene Wasser
Wird jenem genügen
Wird sicher genügen!
Die lüsterne Nacht kommt!
Die lüsterne Nacht kommt!
Oho, wie sie duftet
Oho, wie sie funkelt!
Oh, Lob den Orgiasten und Wohl allen Weibern
Im Haus der Begierde, wo sieden die Weine!

Ich gehe und tu es; und hab' ich's getan —
Sitzt er, der Baldóver, bei mir im Geblüte
Und richtet und schreit dann: belange dich selber!
Und wenn ich's vergesse,
Und wenn ich's vergesse —
Heißt er mich, zu schauen
Ins Buch des Gedächtnis',

---

44 Ursprünglich ein hebräisches Kompositum (בעל-דבר), das der „Besitzer des Wortes" bzw. „derjenige, der das Wort führt" bedeutet, dient Baldóver in der jüdischen Volksliteratur, in der chassidischen und in der kabbalistischen Literatur als Name für den Satan.

45 Die Abkürzung für „Samael", ein weiterer Teufelsname.

וואָס ער האָט געשריבּן.
(עס הייסט: וויטאַ איפּסאַ ...)
דאָס כּתב איז ווי מיינס —
און איך לייען
און איך ציטער:
אַזוי און אַזוי איז געווען די מעשה — — —

און ס׳שטייען דאָרט בּילדער פֿון מיר און פֿון פֿרויען:
אַזעלכע קוּבּיסטישע אַקטן פֿון גלידער!
אַזעלכע בּאַוועגוּנגען,
ווילדע געשרייען!
די הענט און די פֿיס און דאָס מויל — זענען מיינע!

און כ׳שריי אין מיין בּלוּט אַריין:
יאָ, כ׳האָבּ געטוּן דאָס!
געטוּן מיט די גלידער!
נאָר איך — בּין נישט שוּלדיק ...

*

פֿאַרשאָלטענע בּענקשאַפֿט נאָך אַ נ ד ע ר ע אָוונטן! —
זענען די א י צ ט י ק ע אָוונטנס הימלען
דען נישט אַזוי סאַמעטן־ווייך פֿאַר די אויגן?
און פֿאַנגען דאָס האַרץ דען נישט רויזיקע כּשפֿים
פֿון ה י י נ ט בּין־השמשות, אַזוי־ווי פֿון נעכטן?

פֿאַרשאָלטענע ווײ פֿון אַמאָליקע ליבּעס!
פֿאַרשאָלטענע זיסקייט פֿון אַ נ ד ע ר ע פֿרויען,
וואָס זייערע פּנים׳ער שווימען פֿאַר ד׳אויגן,
וואָס זייער געזאַנג ציטערט אום אין זכרון! —

עס זענען נישטאָ דען קיין האַרציקע פֿרויען
מיט אויגן ווי קאַרשן און אויגן ווי הימלען,
וואָס זיצן און היטן פֿאַרשלאָסענע קוואַלן,
און זינגען אַזוי מין מתיקות׳דיק אָוונט׳ס
און ליגן אַ ל י י ן אויף די ווייסע געלעגערס?

פֿאַרשאָלטענע שעה׳ן אין לויטערער תּפֿילה,
פֿון שטרעקן די הענט נאָך פֿאַרלורענע זאַכן,
כאָטש ס׳שטייען נאָך אַלץ ש״י עולמות פֿון צוויבּער
און דוּפּטיקע סעדער מיט צייטיקע פּרות!

און ו ו ע ר איז דער חייב?
און ווער איז מעכּב? —
מיר ווייסן אַליין נישט.
מיר ווייסן: מ ע ן ל אָ ז ט נ י ש ט!

Das er hat geschrieben.
(Es heißt: Vita Ipsa …)
Die Schrift ist wie meine –
Ich lese
Und zittre:
Ja, so ganz genau ist es wirklich gewesen – –

Und Bilder gibt's auch dort von mir und von Frauen:
So seltsam kubistische Akte von Gliedern!
So seltsame Posen
Und wildes Geschrei!
Die Hände und Füße und Lippen – sind meine!

Ins Blut hinein schrei ich:
Ja, ich hab's getan!
Hab's getan mit den Gliedern!
Nur ich – bin nicht schuldig …

*

Verfluchtes Verlangen nach a n d e r e n Abenden! –
Sind denn die j e t z i g e n Himmel am Abend
Den Augen nicht gleicherweis samt-weich wie jene?
Und fangen das Herz denn die rosigen Zauber
Des Zwielichts von h e u t e nicht so wie die gestern?

Verflucht, Pein und Schmerzen vergangener Lieben!
Verfluchte Verführung durch a n d e r e Frauen,
Von deren Gesichter mein Auge nicht loskommt,
Von deren Gesang mein Gedächtnis erzittert! –

Es gibt also gar keine herzigen Frauen
Mit Augen wie Kirschen und Augen wie Himmel,
Die sitzen, verschlossene Quellen behüten,
Und Lieder an süßlichen Abenden singen
Und sich dann a l l e i n e zu Bette begeben?

Verflucht sind die Stunden von lauterem Beten,
In denen die Händ' nach Verlorenem greifen,
Obgleich uns doch all die verzauberten Welten
Und duftenden Früchte noch immer erwarten!

Und wer ist der Schuldner?
Und wer ist der Pfänder? –
Wir können's nicht wissen.
Wir wissen: m a n l ä ß t n i c h t!

מיר ווייסן: עס עקלט אַזוי אונדז דער הוה,
און ס׳ליגט אין אַ וואָרט נאָר, אַן איינציקס, דער כּישוף —
דאָס וואָרט, וואָס איז הייליק אַ יעדן: פ אַ ר ג אַ נ ג ע ן ...

*

דער וועג איז געגאַנגען, די בּריק איז געריסן.
עס ליגט פאַר די פיס מיר אַ שטייענדיק וואַסער,
אַ טיפס און אַ פינצטערס,
איך קאָן נישט אַריבּער ...

אַ ווידער-קול ענטפערט אַרויס פונם חושך:

»דער וועג איז געגאַנגען.
די בּריק איז געריסן,
אַ שטייענדיק וואַסער
דאָס אייגענע לעבּן,
דו וועסט נישט אַריבּער!«

»און וואָס איז צו טון? און בּיי וועמענען פרעגן:
איז דאָ נאָך אַ רעטונג,
אַ וועג אויף צוריקגיין?
און וואָס איז צו טון מיט דער גליאיקער בּאל
וואָס איך טראָג אויף די אַקסלען
אין עלנטן אָפּוועג? —«

עס ענטפערט דאָס ווידער-קול גאַליק און גרויזאַם:

»איצט — קאָפּ אין דער וואַנט!
דיך און דויג פּאַפּיראָסן,
און לאָז אַריין רויך אינם פינצטערן חדר ...
און אויבּ האָסט קיין וואוינונג
און נישט קיין געלעגער —
טאָ שפּאַן אין די גאַסן
און לאָז זיך דיר דאַכטן:
אַ הונט אין די גאַסן,
אַ הונט אין די גאַסן ...«

»אָבּער ס׳האַרץ איז דאָך האַרץ
און דער נעכטן געדענקט זיך:

Wir wissen: die Gegenwart ist uns zuwider,
Und in einem einzigen Wort liegt der Zauber –
Das jedermann heilige Wort ist: v e r g a n g e n …

*

Da ist nun kein Weg mehr. Die Brücke – gerissen.
Es liegt mir zu Füßen ein stehend' Gewässer,
Ein tiefes und dunkles,
Ich kann nicht hinüber …

Ein Echo entgegnet mir, steigt aus dem Dunkel:

„Da ist nun kein Weg mehr.
Die Brücke – gerissen,
Ein stehend' Gewässer
Das eigene Leben,
Du kannst nicht hinüber!"

„Und was ist zu machen? Und wen kann man fragen:
Da ist doch noch Rettung,
Ein Rückweg zu finden?
Und was ist zu tun mit dem glühenden Ball,
Den ich buckle und trage
auf elendem Irrweg? –"

Das Echo entgegnet mir gallig und grausam:

„Jetzt – Kopf in die Wand!
Sitz' und rauch' Zigaretten,
Den Rauch blas' ins finstere Zimmer hinein …
Und hast du kein Zimmer
Und hast auch kein Lager –
So geh durch die Gassen
Und stelle dir vor:
Ein Hund in den Gassen
Ein Hund in den Gassen …"

„Doch das Herz ist ein Herz
und erinnert die Nächte:

*

בײַ װעמענען זאָל עס זיך לערנען פֿאַרגעסן
דעם איבערגעלאָזענעם אוצר אין מרחק
און ס׳מזל אהבה, װאָס שײַנט פֿון דער װײַטענס?«

און ס׳ענטפֿערט דאָס װידער-קול,
ענטפֿערט און חוזקט:

»פֿאַרגעסן? כאַ-כאַ!
ס׳איז אַזױנס נישט פֿאַרהאַנען!
משמעות, מײַן בחור,
ביסט שלווה-באַדערפֿטיק,
און אָטעמען װילט זיך — —
און װאָס איז דען יאוש?
און װאָס איז חרטה?
צװײ קינדערלאַך װעסטו אין עלנט געבערן
און זײ װעלן הײסן: חרטה און יאוש.
און ס׳האַרץ װעט די װיג זײַן
פֿאַר בײדע,
פֿאַר בײדע — —

דערװײַל אָבער, בחור, האָסט נעגל — צעקראַץ דיך,
און ברום מיט די ליפּן
אַרײַן אינעם חושך — —

נישטאָ קײן צוריקגײן,
די בריק איז געריסן.«

*

כ׳האָב מײַן בעטל געשטעלט אױף דער פֿלושענער שװעל
פֿאַרן שלאָפֿן-גײן-טױער.

האַלב-נאַקעטער זיץ איך, דעם קאָפּ אַ געבױגענעם
ביז צו די קניעס,
און קאָרטשע מיך, קאָרטשע מיך:
עפֿן דיך, טױער!

*

Bei wem soll es lernen, all dies zu vergessen,
Den Schatz, den ich weit in der Ferne zurückließ,
Und die aus der Ferne mir winkende Liebe?“

Entgegnet das Echo,
Entgegnet und spottet:

„Vergessen? Ha Ha!
Das ist nicht zu machen!
Das heißt nur, mein Bursch’:
Du bedarfst jetzt der Ruhe
Und Luft mußt du schnappen — —
Was ist denn Verzweiflung?
Und was ist denn Reue?
Zwei Kinderlein wirst du in Elend gebären
Und sie werden heißen: Verzweiflung und Reue.
Das Herz wird die Wiege sein
Beiden,
Ja, beiden — —

Solange du aber noch Nägel hast – kratz’ dich,
Und brumme mit Lippen
Hinein in das Dunkel — —

Es gibt kein Zurückgehn,
Die Brücke — gerissen.“

*

Hab’ mein Bett auf die plüschene Schwelle gestellt,
Vor dem Schlafen-Geh-Tor.

Ich sitze halb nackt und ich habe den Kopf
Auf die Knie gelegt,
Und ich krümme mich, krümme mich:
Öffne dich, Tor![46]

---

[46] Dies ist eine Anspielung auf den letzten Abschnitt des Gebetes am Versöhnungstag (תפילת הנעילה), in dem sich die Betenden an Gott wenden, um seine Gnade zu erbitten. Dort heißt es „פתח לנו שער, בעת נעילת שער, כי פנה יום“: „Öffne uns das Tor, wo sich das Tor schließt, da der Tag sich zu Ende neigt“. Mein Dank gilt Jacob Elbaum, der mich an die genaue Stelle im genannten Gebet verwies, und Itta Shedletzky, die mich auf diesen intertextuellen Bezug aufmerksam machte.

אָ אכזר, אָ האַר פון מיין לייד-טאָג און אומרו,
לאָז רוען ביינאַכט כאָטש דיין קרבן — מיין קערפּער!

דער שלאָף איז אַ גוטער, אַ ווייכער, אַ טיפער.
די נאַכט איז אַ קילע, אַ לינדע, אַ שטילע,
און איבער דעם בראַנדיקן סנה-גוף צעגיסט זיך
אַ רחמים׳דיק בלאָקייט — —

אָ עפן דעם טויער!

עס ברענען אַזוי מיינע וואונדן, מעפיסטאָ!
עס ברענען די צייכנס פון דיינע גלי-ריטער!
און וואָס וועט דיר שאַטן אַז פלאָג-גוף וועט שלאָפן,
אַ פּאָר שעה נישט וויסן וואָס ס׳איז אַזוינס לעבן,
אַ פּאָר שעה נשט גרוילן!!

אומזיסט איז מיין תפילה.
דער האַר איז אַ טויבער ...
מעפיסטאָ אַ טויבער!

האַלב-נאַקעטער זיץ איך, דעם קאָפּ אַ געבויגענעם
ביז צו די קניעס.

מיין בעט איז געשטעלט אויף דער פלושענער שוועל
פאַרן שלאָפן-גיין-טויער ...

די נאַכט איז אַ קילע, אַ ווייכע, אַ גוטע,
מעפיסטאָ — אַ טויבער — —

*

אַזויווי ס׳האָט דער קלויסטער-גלאָק נאָר אָפּגעקלינגלט גלין
און ס׳קליינע בלאָטיק שייגעצל האָט נאָכגעלאָזט דעם שטריק,
האָט צוגעדריקט די תאווה׳דיקע שוואַרצע נאַכט איר בויך
צו ציטערדיקע ביימער-שפּיצן און געלאָזט זיך קיצלען:
אַ — אַאַ ... ס׳איז גוט אַזוי, האָט זי זיך איינגעהוידעט,
לויט דעם ביימער-שאָקלען.

און ס׳האָט דער בייזער פריץ מעפיסטאָפל אָפּגעבונדן
דיינע קודלעוואַטע הינט פון אַלע דזשאַווער-קייטן
און האָט צו זיי באַפוילן: לויפט און הויקעט אין דער וועלט אום,
ס׳ווילן מענטשן שלאָפן!

Oh, Grausamer, Herr meines Leids, meiner Unruh,
Laß nachts doch dein Opfer– den Körper hier – ruhen!

Der Schlaf ist so gut und so weich und so tief,
Und die Nacht ist so kühl und so mild und so still,
Und vergießt überm brennenden Dornenbusch-Leib
Ein barmherziges Blau – –

Oh, öffne das Tor!

Meine Wunden, sie brennen so sehr, Mephistophel!
Es brennt so die Spur deiner glühenden Peitschen!
Was schadet es dir, wenn mein Plagenleib schläft,
Ein paar Stunden nicht weiß, wie das Leben hier ist,
Ein paar Stunden nicht zittert!!

Mein Gebet ist vergebens,
Der Herr ist ein Tauber …
Mephisto ein Tauber!

Ich sitze halb nackt und ich habe den Kopf
Auf die Knie gelegt.

Auf der plüschenen Schwell' ist mein Bett aufgestellt,
Vor dem Schlafen-Geh-Tor …

Und die Nacht ist so kühl und so weich und so gut,
Und Mephisto – ein Tauber – –

*

Sowie die Klosterglocke ausgeklungen hatte – glinn,
Und der beschmutzte Goibub[47] seine Hand vom Stricke ließ,
da drückte die von Lust erfüllte, schwarze Nacht den Bauch
auf zitterige Baumesspitzen und ließ sich dann kitzeln:
A – Aa … so ist es gut, sie wiegt sich in den Schlaf
Im Takt des Bäumeschaukelns.

Und schon ließ auch der maliziöse Gutsherr Mephistophel
Seine borstig-bösen Hunde von den Rostketten
Und befahl dann: Lauft und bellet in der Welt herum,
Die Menschen wollen schlafen!

---

[47] Im jiddischen Text steht hier das Schmähwort שייגעצ (scheigets), das einen nicht-jüdischen Knaben bezeichnet.

לויפן זיי און הויקען. ס׳זעצט אַ שוים. די אויגן בליצן.
לויפן זיי און הויקען, און זיי זוכן מ־ך אין חושך — —

לויפן זיי ... איך ליג אויף מיין געלעגער איינגעשרומפּן.
ס׳ציטערן די קנאָכנס. ווייסע הינט־ציין ווילן גריזשען
ס׳בינטל ביינער מיינס אין חושך — —

זיצט דער פּריץ מ ע פ י ס ט אָ פ ל ביי זיין ביינערדיקן נאַכט־טיש,
רויכערט גראָבע פּאַפּיראָסן.
ס׳שטייט אַ טויטן־קאָפּ פול בוימל מיט אַ ברענענדיקן קנויט
אינמיטן נאַכט־טיש:

ס׳איז דער וואַך־לאָמפּ פונם פּחד.
ס׳שלאָפט נישט קיינמאָל מעפיסטאָפל!

*

פון מיין רעפלעקטאָר־דמיון שיק איך בליציק און פאַרציטערט
ווערטער־שטראַלן דריי אין חושך: ע ד ג אַ ר — אַ ל אַ ן — פּ אָ ...

ס׳איז האַלבע נאַכט;
און ס׳טראָגן מיינע בליצן־ווערטער אָדלער־בליקן ווייטע
איבער דעם אוקינוס קיין אַמעריקע:
דו גרויסער
גרוילן־דיכטער, אָפּיום־עסער, הייליקער באַרוישטער,
גייער מיט דעם פּחד־לאָמפּ אין היילן און פּאַלייען!
ס׳רופט דיך האַלבע נאַכט אַ ייִדיש קינד, דיין שרעקן־ברודער:
כ׳ליג געשטרעקט מיט אָדערן געעפנטע אין חשכות,
אָנגעזאַפּט מיט שטן־גאַל און מעפיסטאָפל־עלנט
און וואַרט אויף אַ התגלות פונם פּחד אין דער פינצטער ...

אָ פּחד, פּחד! פּחד־ציטער־ווערטער דריי געצויגן:

עדגאַר — אַלאַן — פּאָ! ...

קומען זיי, די ווינטן פון אַמעריקע ... ס׳איז פאָרכטיק
פלוצים אין מיין שטוב, ווי אין אַ היכל — — קדוש! קדוש!
ס׳קומט אַ שרעקיק חלום־ליכט, אַ רעגנבויגן־פאַרביקס,
און עס רעדט אַרויס דאַפון די טויטע כלה מיינע:
(כ׳האָב אין ע ר ש ט ן גלגול ליבע זי געטייט פאַר קנאה ...)
»איך די כלה, ד י י ן געטייטע כ—ל—ה, בין געקומען — —«
ציטער איך פאַרגלייזנדיק די אויגן און איך מורמל:
פרידן דיר, אחותי כלה, ה י י נ ט ביסטו דאָך הייליק —
הייליק ווי דער ספּיר־שטיין צופיסנס פון יהוה ...
י ע נ ע וועלט איז בלאָ און לויטער, רואיק איז מיין האַרץ איצט:
ס׳זענען דאָך אין לאַנד פון טויט נישטאָ קיין ליבע־שפּילער — —

Da, sie laufen nun und bellen und die Augen blitzen,
Laufen nun und bellen und sie suchen m i c h im Finstern — —

Laufen … Und ich liege auf dem Lager, kauernd.
Meine Knochen zittern. Weiße Zähne wollen nagen
An dem Bündel Knochen in der Finsternis — —

Da, der Gutsherr M e p h i s t o p h e l sitzt an seinem Knochennachttisch,
Raucht Zigarren,
Und es steht ein Totenkopf voll Öl mit aufflammendem Docht
Dort mitten auf dem Nachttische:

Es ist die Wachlampe der Bangnis.
Mephistophel schläft nicht, niemals!

*

Ich schick' aus meiner Reflektoren-Phantasie wie Blitze
Wörterstrahlen, drei, ins Dunkel: E d g a r — A l a n — P o e …

S'ist Mitternacht;
Und weite Adlerblicke tragen meine Wörterblitze
Übers Meer bis nach Amerika:
Du Großer
Greuel-Dichter, Opium-Esser, heiliger Berauschter,
Gehst durch Höhlen und Paläste mit der Bangnis-Lampe!
Mitternacht – ein Judenkind, dein Schreckens-Bruder, ruft dich:
Bang lieg ich mit offnen Adern in der Finsternis,
Und ich bin voller Satan-Galle und Mephisto-Elend,
Erwarte in der Finsternis die Bangnis-Offenbarung …

Oh Bangnis, Bangnis! Hier, drei lange Bangnis-Zitterwörter:

Edgar — Alan — Poe

Winde kommen aus Amerika … Es ist furchtbar
In der Stube wie in einem Tempel — — Heilig! Heilig!
Es erscheint ein schrecklich Traum-Licht, bunt wie Regenbogen,
Und daraus verkündet meine längst schon tote Braut:
(Im e r s t e n Liebesleben tötete ich sie aus Eifersucht …)
„Ich, die B - r - a - u - t, von dir ermordet, ich bin nun gekommen — —"
Zitternd starre ich sie an und murmle ganz verängstigt:
Friede sei mit dir, oh Schwester Braut, bist h e u t e heilig —
Heilig wie der Saphir-Stein, der Gott zu Füßen lieget …
J e n e Welt ist blau und lauter, ruhig ist mein Herz jetzt:
Dort, im Land des Todes triffst du keine Liebesspieler — —

ציטערט ס׳שרעקיק חלום-ליכט און ס׳רעדט די טויטע כלה:
»י ע נ ע וועלט איז גלייך ווי ד י וועלט: ס׳טרעפֿן מאַן-און-ווייב זיך,
און עס בליט דער תאוה׳דיקער עפּל-בוים דאָרט אויכ—עט ...
אין אַ שאַרלאַך-רויטער טאָגע גייט-אַרום מע-פֿיס-טאָ,
שאָקלט בעז פֿון אַלע צווייגן איבער אַלע וועגן — —
איך, למשל, פֿאָר פֿאַרנאַכט-צייט אויף אַ זילבער שיפֿל
ביי די ברעגעס פֿון ו ו ע נ ע ד י ג. כ׳שפּיל אויף אַ גי—טאַ—רע,
ביז עס קומט דער איטאַליענער מיינער אויף אַ גאָנדאָל — —
ס׳שטייט מיין הויז ביים ים-ברעג, מיט די מערמל-טרעפּ צום וואַסער,
דאָרטן זיך איך בלאָע נעכט אָפּ מיט אַן אי-טאַל-יע-נער — —

שריי איך: וויי! אויף,
שווייג און ציטער,
זאָגט די טויטע כלה:

»כ׳האָב געגנב׳עט אַ קינדשאַל ביים חתן און געשאַרפֿט אים ...
ררר ...
עס צוקט אין מיינע קאַלטע הענט דיין האַלדז. ס׳איז פֿינצטער ...
בלוט איז זיסער, שיכורדיקער פֿון װענעדיגס וויינען!« — —

*

לעבן מיינס, וואָס גייסט מיט מיינע יאָרן באַרג-אַראָפּ,
כאָטש איך שטרעק די חלום-פֿליגל מיינע באַרג-אַרויף.
און ווי מיין גוף, דעם איינגעצערטן פֿון די ווילדע טעג,
ווען עס קומט אין האַלבער נאַכט דער פֿיבער אין מיין בלוט
א ו ן א י ך ד ע ר ז ע מ י י ן ס י ל ו ע ט — געשטאַלטיקט יתומקייט;
אַ שוידער-בילד: אַן אויפֿגעפֿראַלטער וויסטער לאַבירינט
פֿון שרייענדיקע וואָגל-טעג און פּחדים׳דיקע נעכט — — :
נישט טאָג איז און נישט נאַכט, נאָר אַ געמיש פֿון ביידע איז,
און אָט-אַ דאָס הייסט: ה י מ ל פ ו ן פ אַ ר ג אַ נ ג ע נ ה י י ט אין קאָפּ ...
און אונטן אינם טאָל, צופֿיסנס היכע טויטע בערג,
רוט דער ים-הקרח ביי די חורבות פֿון אַ שטאָט
און ס׳ליגן אין דער שטאָט אויף אַלע גאַסן שטויביק גאָלד,
צעבראָכענע כלי-ניגון׳ס, שטיקער שטיינער פֿון קרישטאָל
און מען דערקענט, ס׳איז דאָ געווען אַ טורעמדיקע שטאָט.
און צווישן די אַמאָליקע היכלות פֿונם גייסט
האָט לעבן מיינס געלעבט אַזוי געגרויסט אין יענער שטאָט.
היי-היי! אַ גרויל גייט דורך און ציפּט אין אָדערן-געדריי:
דעט, אויגן, דעט, אין סאַמע מיטן האַרץ פֿון יענער שטאָט
גייט-אויף דער שוואַרצער צלם-סלופּ — אַ גבור אין זיין גרויס,
און ס׳הענגט אויף אים אַ מענטש —
אַזאַ ווי איך,
אַזאַ געשטאַלט,

Das erschreckend' Traum-Licht zittert und die tote Braut spricht:
„J e n e Welt ist gleich wie d i e s e: Mann-und-Weib begegnen sich.
Der luststrotzende Apfelbaum blüht dort genauso …
Und Me-phi-sto geht umher in scharlachroter Toga,
Schüttelt Flieder von den Zweigen über allen Wegen — —
Ich, zum Beispiel, fahr allabendlich auf einem Schifflein
An V e n e d i g s Ufern lang. Auf der Gi-tar-re spiel' ich,
Bis mein Italiener sich auf einer Gondel nähert — —
Eine Marmortreppe führt von meinem Haus ans Wasser,
Blaue Nächte sitz' ich dort mit einem I-tal-ie-ner — —"

Wehe! schrei ich,
Schweige zitternd,
Und die tote Braut spricht:

„Einen Dolch stahl ich dem Bräutigam und schliff ihn …
Rrr …
In meinen kalten Händen zuckt dein Hals und finster ist es …
Blut ist süßer und berauschender als Weine aus Venedig!" — —

*

Leben mein, wie gehst du mit den Jahren so berg-ab,
Wo ich doch meine Traum-Flügel berg-auf nur streck'.
Mein Körper schmerzt, ist von den wilden Tagen abgemagert,
Wo um Mitternacht mein Blut im bösen Fieber kocht
U n d i c h d i e S i l h o u e t t e e r k e n n e — Waisenkindgestalt;
Ein Schauderbild: ein aufgerissnes wildes Labyrinth
Von Schrei- und Wandertagen und von Nächten voller Angst — —:
Nicht Tag ist es noch Nacht – die beiden sind ganz wild vermischt,
Und heißen nun schon: H i m m e l v o n V e r g a n g e n h e i t im Kopf …
Und unten, dort im Tal, zu Füßen hoher toter Berge,
Ruht das Eismeer nahe den Ruinen einer Stadt,
Und auf den Gassen jener Stadt liegt Goldstaub überall,
Kristallstein und kaputte Instrumente liegen dort
Und man erkennt noch, daß hier eine Stadt mit Türmen stand.
Und zwischen ehemals dem Geist geweihten Tempeln war's:
Mein Leben ward in dieser Stadt gelebt und wuchs heran.
Hey hey! Es graust mir und es zwickt im Blutadern-Gewirr:
Seht, Augen, sehet, mitten in dem Herzen jener Stadt,
Da steigt der Kreuzes-Pfeiler auf — ein Held in höchster Pracht,
Und auf ihm hängt ein Mensch —
Ja, so wie ich,
Gestalt — wie ich,

נאָר נאַקעט מיט דער ערוה צוּ דער אויסטערלישער וועלט ...
ציטער איך — — און שרייַען וויל איך יאָמער אויף אַ קול
האָב איך נישט דעם קול אפילו פֿון די גאַסן-הינט,
מער ווי: »אלי, למה עזבתני ...« קען איך נישט — —
— אלי, למה עזבתני אין דער האַלבער נאַכט!!

*

וואָס מער איך נידער אין-דער-נידער מיט דער רויטן פֿאָרשער-לעמפּל
אין די גרובנס פֿון נשמה,
טיפֿער, טיפֿער ווערט די טיפֿקייט און איך גיי אין גאַנג פֿאַרלוירן.

בײַ די פֿינצטערע אַראָפּ-גענג
ליג איך נאַכט-צייט,
ליג איך מיד שוין,
און דאָס פֿאָרשער-לעמפּל גוס׳עט ...

וויי מיר, וויי מיר!
ווער איז דער, וואָס האָט געהייסן: איך זאָל מיידן יעדן זון-וועג
און די אָפֿענע שפּאַציר-גענג, וווּ אַ בוים בליט און אַ גלאָק קלינגט?

וואָס איז דאָס אַזוינס: נשמה, וועלכע ציט איך זאָל איר נאָכגיין,
ס׳מעג אַ דומפּ זיין,
צי אַ פֿייער,
ס׳מעג אַ מיילן-טיפֿע הייל זיין?

ווער איז דער, וואָס האָט געהייסן: איך זאָל גרוילן, גרוילן, לעכצן,
און דערגדינטעוועון תהומות, וווּ, עס הייסט, די פּערל וואַקסן?

וויי מיר, וויי מיר!
ס׳גייען יאָרן — —
און די וואָרצלען פֿון די האָר זיי טוּען שמאַרצן אַלע מאָרגן
בײַז שגעון!

און מיינע אויגן ווילן שפּרינגען פֿון די לייכער און זיי בלייבן,
קוקן ווייטער צוּ די הימלען — —

און ווי קאָנען איידלע אַקסלען אַלע טעג און נעכט דערטראָגן
די דערלעבנישן-משא?

וויי מיר, וויי מיר!
מעפֿיסטאָפֿל!!

יאָרן גייען, וויסטע יאָרן — —
און אויף מיינע קניעס שפּילן זיך נישט חן׳עוודיקע קינדער,
נאָר מיין האַרטן קאָפּ פֿאַרוויג איך!

Nur nackt und das Geschlecht zur sonderbaren Welt gewandt …
Ich erbebe – und will lauthals allen Jammer ausschreien,
Doch nicht einmal der Gassenhunde Bellen krieg' ich hin,
Nur: „Mein Gott, warum denn hast du mich verlassen …" geht – –
– mein Gott, warum denn hast du mich verlassen mitternachts!!

*

Je tiefer ich hinabsteig' mit dem roten Forscherlämpchen
In die Gruben meiner Seele,
Umso tiefer wird die Tiefe und ich geh im Gang verloren.

Auf den finstern Abstiegsgängen
Lieg' ich nächtens,
Lieg' ermüdet –
Schon verlischt das Forscherlämpchen …

Weh mir, weh mir!
Wer hat mir befohlen: Meiden sollst du alle Sonnenwege
Und Spazierwege, wo eine Glocke klingt und Bäume blühn?

Was denn ist es: Seele, die mich lockt, ich soll ihr folgen,
Mag's in einen Sumpf sein,
In ein Feuer,
Auch in meilen-tiefe Höhlen?

Wer denn ist es, der befahl: mir soll es grauen, ich soll lechzen,
Und die Abgründe ergründen, wo, so sagt man, Perlen wachsen?

Weh mir, weh mir!
Jahre schwinden – –
Und die Wurzeln meiner Haare schmerzen mich an jedem Morgen
Bis zum Wahnsinn!

Und die Augen wollen aus den Löchern springen, doch sie bleiben,
Schauen weiterhin zum Himmel – –

Und wie sollen schmale Schultern über Tage und auch Nächte
Die Erlebnis-Lasten tragen?

Weh mir, weh mir!
Mephistophel!!

Jahre schwinden, wüste Jahre – –
Und auf meinen Knien spielen keine herzig-süßen Kinder,
Meinen harten Kopf nur wieg' ich!

אוּן פוּן מײַנע שענקלען װײַנען נישט-געפּרוּכפּערטע געשטאַלטן,
מײַנע שלאַפע אָרעמס קלאָגן ...

מעפיסטאָפל!!

*

דער גאָרטן מײַנער איז געשטאַנען דאַן אין פוּלן בלי.
די חלום-בײמער האָבן מיך פאַרשמעקט מיט זײער בעז.
אוּן ס'איז געשטאַנען איבער מײַן געמאַך די גאַנצע נאַכט
דער נוגה-שטערן, שײַנענדיק צוּ מיר,

אַלע מײַנע כלים זענען פוּל געװען מיט װײַן.
עס איז דאָס שענסטע װײַב געזעסן שטיל צוּ מײַנע פיס
אוּן האָט געװאַרט, כ'זאָל עפענען די ליפּן אין דער נאַכט.

האָט זיך אַזאַ געדאַנקען-פעדימל געװעבט אין קאָפּ:
די װעלט האָט װײַטע װעגן, װײַטע אוצרות פוּן גוּטס,
די װעלט האָט קװאַלן דיסקײַט אַ סך,
אוּן ס'מוּז אַ מענטש די װעגן גײן אוּן זען
אוּן טרינקען פוּן די אַלע קװאַלן-דיס.

איך בין געגאַן — —

אוּן יאָרן, יאָרן זענען שױן אַװעק. איך װײס נישט װאוּ,
דער גאָרטן מײַנער, אָן דעם גערטנער, איז געװאָרן װיסט;
אוּן איך אַלײן בין דער, װאָס װערט מגולגל אין אַ פוּקס
אַ יעדע נאַכט,
אוּן כ'לױף פוּן בײט צוּ בײט אוּן קלאָג אוּן קלאָג — —

אוּן איך אַלײן בין דער, װאָס זוּך די ערשטע טרײַע שױס,
װאוּ ס'האָט גערוּט מײַן קאָפּ.

אוּן כ'זיץ אַמאָל אױף מײַן געלעגער שטאַר דוּרך מײַנע נעכט
אוּן כ'זע מײַן נאַקעט לײַב:
אַ דאָס בין איך דער נע-ונד'ניק ... װאַ!
אוּן די-אָ זענען מײַנע הענט אוּן פיס,
אַ דער-אָ קאָפּ
איז מײַן,
אַ דער-אָ — —
װאַ!

Und auf meinen Schenkeln weinen unbefruchtete Gestalten,
Meiner schlaffen Arme Klagen …

Mephistophel!!

*

In voller Blüte stand mein wunderschöner Garten einst.
Die Traum-Bäume erfüllten mich mit ihrem Fliederduft.
Und über meinem Zimmer stand die ganze Nacht hindurch
Der Venus-Stern und leuchtete mir zu,

Alle meine Becher waren angefüllt mit Wein.
Das allerschönste Weib saß mir zu Füßen und schwieg still
Und wartete, daß ich des Nachts die Lippen öffnete.

Da spann sich ein Gedankenfaden heimlich mir im Kopf:
Gar weite Wege, Schatztruhen mit Gutem angefüllt
Und süße Quellen gibt es in der Welt,
Die Wege muß ein Mensch begehn und sehn
Und überall vom süßen Quell probiern.

So ging ich denn – –

Und Jahre, Jahre sind vergangen. Und ich weiß nicht wie,
Mein Garten, den ich ohne Gärtner ließ, ward so ganz wüst;
Und ich allein bin's, der in einen Fuchs verwandelt wird
In jeder Nacht
Und dann von Beet zu Beet läuft, klagt und klagt – –

Und ich alleine suche nach dem ersten treuen Schoß,
In dem mein Kopf geruht.

Und manchmal sitz ich auf dem Bett und starre durch die Nacht
Und sehe meinen nackten Leib:
Ah, das bin ich, der Wanderer … Wa!
Und dies ist meine Hand, und hier, der Fuß,
Und dies, der Kopf,
Ist mein,
Und dies, oh – –
Wa!

*

מען ווייסט נישט, וואו דאָס מויל איז פֿון דער שרייענדיקער נאַכט
און וואו עס פֿאַלן אָפּ די שטיקער קלייד וואָס זי צערייסט.
אַ וואו, אויף וועלכן וועג דער וועלט'ס,
אויף וועלכן קאַלטן ים?

און איך אַליין ווייס אויך נישט, וואו עס עפֿנט אויף די שרעק
דאָס טיפֿע מויל
און בלאָזט אַריין אין אַלע נערוון גרויל — —

ליג איך ציטערדיק אַזוי און מײַנע גלידער זענען הפֿקר
פֿאַר אַ הונגעריקן פּיסק …

ס'קאָנען קומען פֿון דער מדבר אַלע הונגעריקע שלאַנגען
נאָגן וואַרעמס פֿון מײַן לײַבֿ — —
עס וועלן קיינעמס אויגן זען,
וואָס סע טוט זיך טיף אין חשכות
אין אַ וואוינונג פֿון אַ מענטש.

*

על פּרשת דרכים שטייט מײַן קנאָכנדיק געבײַ,
אַן אויפֿגעריסן היכל אָן אַ דאַך,
און אינעווייניק זיצט מײַן ברוגז איך:
אַן אויסגעדאַרט ק ו ב י ס ט י ש ג ל י ד ע ר י ק ס,
מיט אויסגעשפּיצטע אויגן פֿון אַ האָז,
וואָס קוקן דורכן רייטנדיקן גלאָז,
מיט גאָלד אַרום:
אַזאַ מין בריל …
און שפּינוועבסן און קנוילן ליגן גראָ,
און ביכער-קופּעס, שטויביקע, אַרום,
און צוויי אַזעלכע דאַרע שמאָלע הענט
נישטערן אין גראָבע ביכער בלינד.
אַ יאָר-צײַט-לעמפּל ברענט …
און אױ ב ן גייט די אַלטע זון אין בלאָ,
און ס'ציטערן די שטערן אַלע נאַכט — —

ס'קאָן זײַן: אַ זיסע יונגפֿרוי זיצט און דינגט
און רופֿט מיך מיט אַ כלה-ניגון: קום!
ס'איז גרייט דאָס ווײַסע חופּה-בעט פֿאַר דיר,
און איך האָב מײַנע האָר געזאַלבט מיט מור …
און דו ביסט י ו נ ג!

ס'קאָן זײַן מײַן מאַמעס אויגן טריפֿן שטיל,
עס רופֿט איר האַרץ בדמיון מיך: מײַן קינד!

*

Man weiß es nicht: wo ist es wohl, das Maul der Nacht, die schreit,
Und wo die Kleiderfetzen hinfallen, die sie zerreißt.
Wohin, auf welche Wege dieser Welt,
Auf welches kalte Meer?

Und ich allein, ich weiß es nicht: wo öffnet denn der Schreck
Das tiefe Maul,
Das in die Nerven ständig Greuel bläst — —

Zitternd lieg' ich. Meine Glieder sind nichts als Gelegenheit
Für einen Mund, der hungrig ist …

Aus der Wüste können furchtbar hungrig alle Schlangen kommen,
Warmes mir vom Leibe nagen — —
Kein Mensch, kein Auge will es sehn,
Was sich in tiefem Dunkel tut,
In eines Menschen Haus geschieht.

*

An einem Kreuzweg steht mein knochiges Gerüst,
Ein aufgerissner Tempel ohne Dach,
Und innen sitzt mein aufgebrachtes I c h:
Ein G l i e d e r d i n g, k u b i s t i s c h, ausgedörrt,
Mit spitzen Augen eines Hasentiers,
Das schaut durch rot getöntes Glas hindurch
Mit Gold herum:
'ne Brille wohl …
Und Wollmäuse, verstaubte Bücherstapel
Und auch Spinnweben sind überall
Und zwei ganz dürre, schmale Hände
Stöbern blind in dicken Büchern.
Eine Totenkerze brennt …
Und o b e n geht der alte Sonnenball
Im Blau und zittern Sterne jede Nacht — —

Mag sein: es gibt ein Jungfräulein, das singt
Und ruft nach mir mit einem Braut-Lied: Komm!
Es ist bereit das weiße Hochzeits-Bett,
Mit Myrrhe habe ich mein Haar gesalbt …
Und du bist j u n g!

Mag sein, daß meine Mamme leise weint,
Ihr Herz ruft in Gedanken mich: Mein Kind!

צוּוואָס די גאַנצע חקירה אין דער וועלט,
בּיסט מיד און קוואַר!
דוּ דאַרפסט אַ היים, אַ טרייע פרוי, אַ קינד,
און זיסע רוּ.

און ס׳פאַלט מיין קאָפּ אַראָפּ אויף מיינע קני,
אַ שווערע לאַסט,
איך ציטער: יאָ ...
א ו ן כ ׳ק אָ ן נ י ש ט מ ע ר אַ ר ו י ס פ וּ ן מ י י ן ג ע בּ י י.

*

און עס טרעפט זיך אַמאָל, אַז איך רייס אויף אַ טיר
פון מיין איינזאַמער וועלט און איך שטרעק מיינע הענט
צוּ דעם האַר פון כאַאָס,
מיינע שמאָלע הענט ...

און איך גיי, ווי אַ בּלינדער געפירט פון אַ האַנט,
מיט אַ צאַפּלדיק לייבּ און די ליפּן פאַרבּרענט
און מיט רויש אינם קאָפּ.

און איך פרעג נישט: וואוּ? וואוּאַהין? נאָר איך גיי,
ווי אַ בּלינדער גייט,
אין דער ווייטער וועלט,
און דאָס האַרץ קלאַפּט:
בּוּ—ך, בּוּ—ך ...

און אַז ס׳נידערט די זוּן, איז דער קאָפּ הייס
און עס פלאַקערט אין אים דאָס התבּודדות-ליכט,
ווי אַ גאַסן-לאָמפּ
אין אַ טויטער שטאָט ...

און דאָס אויג זעט,
ד אָ ס א ו י ג ז ע ט,
ווי פאַרלוירן איך בּין!

*

אַ האַלבּע נאַכט אין שטאָט אַרוּמגעבּלאָנדזשעט און געקוּקט
נאָך אַלע לויפנדיקע אויטאָס און אויף יעדן לאָמפּ,
און טוּיזנט בּלינדע עלענבּויגנס אָנגערירט בּיים גאַנג,
זכרים-הענט בּאַאַרבּלטע
און פרויענס נאַקעטע ...
דיי האָבּן אַלע רוּ געזוּכט די האַלבּע נאַכט אין שטאָט.

Wofür das ganze Forschen in der Welt,
Bist müd' und dürr!
Du brauchst ein Heim und eine Frau, ein Kind,
Und süße Ruh.

Und auf die Knie herunter fällt mein Kopf,
'ne schwere Last,
Ich zittre: ja …
Und kann's nicht mehr verlassen, mein Gerüst …

*

Und es kommt auch schon vor, daß ich aufreiß die Tür
Meiner einsamen Welt, um mit Händen zu fassen
Den Herren des Chaos,
Mit Händen so schmal …

Und ich geh', wie ein Blinder geführt von der Hand,
Mit berauschtem Gehirn und mit brennenden Lippen
Und mit zappelndem Leib.

Und ich frage nicht Wo?, nicht Wohin? sondern geh',
Wie ein Blinder geht,
In der weiten Welt,
Und das Herz klopft:
po-ch, po-ch …

Und sobald sich der Tag neigt, erhitzt sich der Kopf
Und es flackert in ihm dann das Einsamkeits-Licht,
Wie die Straßenlampe
In toter Stadt …

Und das Aug sieht,
Das Aug sieht,
Wie verloren ich bin!

*

Ich lief die halbe Nacht in einer Stadt umher und sah
den Autos nach, betrachtete die Lampen überall,
Berührte tausend blinde Ellenbogen unterwegs,
Von Männern – zugedeckt mit Ärmeln
Und von Frauen – nackt …
Sie suchten halbe Nächte lang nach Ruhe in der Stadt.

די נאַכט איז טיף,
די נאַכט איז ים,
די נאַכט נעמט אויף און ציט — —

און פֿינצטערע יתומים-מענטשן טרייבֿט עס מיט אַ גרויל
אַראָפּ צום טײַך, וואָס ליגט צעלייגט
מחוץ לעיר
און קלאָגט ...

און אַנדערע, וואָס שרעקן זיך פֿאַר וואַסערן בײַנאַכט,
זיצן אָנגעבויגענע אין חושך׳ניש פֿון שטוב
און טראַכטן וועגן האַרעמעס און ווילדע טערקן-טענץ
און וועגן יענע אבֿרים
וואָס פֿרויען דעקן צו ...

און איך אַליין אויף מײַן געלעגער ליג אַזוי און גלי —
אַזאַ צוויי-הונדערט-אַכט-און-פֿערציק גלידעריקס אין הויט,
און מײַנע נערוון ציען זיך אין חושך׳ניש אַרײַן ...

*

אין חושך׳ניש אַריבער מײַן געלעגער וואַקסט דער בוים
פֿון אַלעמענס התבודדות
און טריפֿט פֿון זײַן געצווײַג,
אַ גאַליקע —
אַ קללה-טוי
פֿון מענטשליך עלנט-זײַן.
און ס׳עפֿנט זיך די וואַנט, וואָס טיילט די מדבר אָפּ פֿון מיר,
עס וועקט דער ים-המלח זיך אין זײַן געלעגער וויסט
און שווימט אַהער פֿון עלנט-לאַנד צו מײַנע ליפּן צו.
און איך — איך עפֿן מײַנע וואונדנס מײַלער אויף — און טרינק ...
און אַז איך טרינק און זעטיק מיך,
פֿאַרגעס איך וואו איך האַלט
און ברום אַרײַן דער נאַכט,
אַזוי־ווי ס׳ברומט אַ שיכור:
אַ ...
אַ נאַכט — אינגאַנצן גאַל,
אַ נאַכט,
וואָס יעדער אָדער שפּרינגט — —

און ווידער, ווידער קומט צו גיין די רויטע פֿלאַמען=שעה,
איך שטעק אַרויס פֿון פֿינצטערנישן מײַן פֿאַרדאַרטן קאָפּ,

Die Nacht ist tief,
Die Nacht ist Meer,
Die Nacht umfaßt und zieht – –

Und finstre Waisen-Menschen treibt der Greuel aus der Stadt
Zum Teich hinunter, ausgebreitet
Liegt er dort
Und klagt …

Und andere, die die Gewässer fürchten in der Nacht,
Sie sitzen in der dunklen Stube mit gebeugtem Kopf
und phantasieren über Harem, wilden Türkentanz
und über die bedeckten Körperteile
einer Frau …

Und ich alleine liege so auf meinem Bett und glüh –
So ein zwei-hundert-acht-und-vierzig-Gliedriges[48] in Haut,
Und meine Nerven ziehen in die Finsternis hinein …

*

Hinein ins Dunkel über meinem Lager wächst der Baum
D e r a l l s e i t i g e n E i n s a m k e i t
Und von den Zweigen tropft
Ein Gallensaft –
Ein Flüche-Tau
D e s M e n s c h e n - E l e n d - S e i n s.
Die Wand, die mich vom Wüstenlande trennte, öffnet sich,
Das Tote-Meer wacht langsam auf in seinem wüsten Bett
Und schwimmt vom Elendland hierher auf meine Lippen zu.
Und ich – ich öffne meine Wunden-Mäuler – und ich trink' …
Sobald ich mich gelabt,
Entfällt mir völlig, wo ich bin,
Ich brumme in die Nacht hinein
Wie ein Betrunkener:
Aa …
Die Nacht – ganz bitter,
Eine Nacht,
Die jede Ader sprengt – –

Und wieder, wieder rührt die rote Flammen-Stunde sich,
Ich strecke aus dem Dunkel meinen dürren Kopf heraus,

---

[48] Siehe Anmerkung 6.

אַזאַ צעשויבערטן, ווי אַלע ווילדע ביימער׳ס קעפּ,
און פון די אַקסלען מיינע פאַלט דער שלייער פון דער נאַכט.

און דאַן איז טאָג. עס שטייט מיין איך פאַרהוילן אויפן וועג
און קוקט זיך זיינע דמיון-אויגן אויס
און דעט
און דעט:
פאַרלאָזט פון גאָט,
פאַרלאָזט פון מענטש
גייט לעבן מיינס אַליין:
אַזאַ צוויי-הונדערט-אַכט-און-פערציק גלידעריקס אין הויט,
און אויגן היפּן נאָך דער הייסער גייענדיקער זון — —

*

און ווער בין איך,
און וואָס בין איך,
דאָס גייענדיקע גלידערשטיק,
דאָס וואַנדער-חלק-וועלט
אין גאָר דער וועלט?

איך בין דאָך נישט דער שטיין ביים וועג
און נישט דער בוים אין פעלד.
איך בין דאָך נישט דער פויגל און די שלאַנג ...

כ׳קאָן לאַכן: האָ!
כ׳קאָן ברומען: וויי!
און שאָקלען מיט דעם קאָפּ
אַרויף, אַראָפּ,
צו יעדער זייט,
צו יעדער צייט ...

און דאָס, וואָס ס׳טוט זיך אָפּ און קאָכט אין אָדערן-געדריי —
בשעת איך ליג,
בשעת איך גיי,
איז דאָך אַ סוד פאַר מיר אַליין:

איך בין דער האַר נישט פון מיין פלייש און ביין
און פון מיין בלוט!

איך טראָג מיך אום.

איך ווייס: איך בין!

און זינג עס אין די לידער אויס: איך בין.

Ganz fürchterlich verworren wie der wilden Bäume Kopf,
Und von den Schultern fällt mir schon der Schleier dieser Nacht.

Und dann ist Tag. Es steht mein I c h verhüllt auf einem Weg
Und guckt das Aug' der Phantasie sich aus
Und sieht
Und sieht:
Von Gott
Und Mensch verlassen
Geht mein Leben ganz allein:
So ein zweihundert-acht-und-vierzig-Gliedriges[49] in Haut,
Dem Lauf der heißen Sonne hüpfen Augen hinterher – –

*

Und wer bin ich, und was bin ich,
Das Gliederstück, das immer geht,
Das Wander-Teilchen-Welt
In all der Welt?

Ich bin doch nicht der Stein am Weg
Und nicht der Baum im Feld.
Ich bin doch nicht der Vogel und die Schlang' …

Ich lache: Ha!
Ich brumme: Weh!
Und schüttle meinen Kopf
Zu jeder Seit',
Zu jeder Zeit …

Und das, was sich bewegt und kocht im Blutadern-Gewirr –
Solang ich lieg',
Solang ich geh',
Ist ein Geheimnis mir allein:

Ich bin doch meines Fleisches und Gebeins
Und Bluts
nicht Herr!

I c h t r e i b' m i c h u m.

Ich weiß: I c h b i n!

Und singe es in Liedern aus: I c h b i n.

---

[49] Siehe Anmerkung 6.

און אויסער דעם —:
א י ך ב ּי ן ד ע ר ג ו ל ם מ י ט ן כ ו ח פ ו ּ ן אַ ש ם ...

איך טראָג מיך אום — —

אַ גלאָק קלינגט: גלין —
ווייס, גולם, ווייס: ס׳איז דאָ אַ דיין און אַ דין
אין גאָר דער וועלט!

ד ע ר ג ו ל ם ג ר ו י ל ט — —

דעם גולם׳ס אויגן ברענגען טראָפּנס טוי — —

»אָ אלי למה שבקתּני פּה?!«

און ווידער: אוי ...
אַ נאָמען פון אַ צווייטן גולם: פּרוי — —

אָ ווייטע פּרוי!

עס פאַלט אין די מרחקים הייסער טוי ...

צוויי ווייסע שלאַנגען שטרעקן זיך – צוויי הענט.

אַ שטילער צוק — —

דער גולם שטאַרט פאַר זיינע ווענט — —

די נאַכט פאַלט צו.
דער פּחד קומט.

*

טעג און נעכט און נאָכאַמאָל דאָס זעלבע אָן אַ סוף!
עס ציען אַזוי פרילינגען און זומערן און ווינטערס — —

און דו ביסט מיד די לאַסט פון דיסער ווייבליכקייט צו טראָגן
און אין דיין בוזעם הייסע קוואַלן טרערן צו פאַרבערגן
טעג און נעכט.

אָ, דיינע טעג די מיילן-ווייטע גראָע שטיינער-סטעפּעס
לעכצן נאָך אַ קילן ווינט און נאָך אַ טראָפּן רעגן!
אָ, דיינע שעה׳ען שטאַרבן דאָך ד ע ר ו ו אָ ר ג ן אָן אַן אָטעם!
אָ דיינע נעכט, די שלאַנגען-שוואַנגערדיקע וואָלקן-בייכער,
און דיינע טרויער-אָנגעזאַפּטע שעה׳ענס הייליקייטן!
ווער קאָן דערציילן דיינע לעבנס וועלט-פאַרלוירנקייטן
ליגנדיק, אַ הייסער גוף, אין חשכות פון דער נאַכט:

Und außerdem –:
Ich bin der Golem nur mit eines Namens[50] Kraft …

Ich treib' mich um – –

Ein Glöckchen klingt –
Wisse, Golem: es gibt Richter und Gesetz
In all der Welt!

Dem Golem graust's – –

Des Golems Augen bringen Tau-Tropfen hervor – –

„Oh, mein Gott, warum hast du mich denn verlassen hier?!"

Und wieder: Au …
Ein Name eines zweiten Golems: Frau – –
Oh weite Frau!

In weite Fernen fällt nun heißer Tau …

Zwei weiße Schlangen strecken sich – zwei Händ'.

Ein still' Gezuck – –

Der Golem starrt auf seine Wänd' – –

Die Nacht fällt zu.
Die Bangnis kommt.

*

Tage – Nächte und noch mal dasselbe ohne End!
Es ziehn vorbei die Frühlinge, die Sommer und die Winter – –

Und du bist's leid, die Bürde süßer Weiblichkeit zu tragen
Und heißen Tränenfluß in deinem Busen zu verbergen
Tage – Nächte.

Oh, deine Tage, meilen-weite graue Stein-Steppen,
Sehnen sich nach kühlem Wind und einem Tropfen Regen!
Oh, deine Stunden sterben doch erwürgt, ganz ohne Atem!
Oh, deine Nächte, die mit Schlangen schwangren Wolken-Bäuche,
Und dein Heiligtum aus Trauer-angefüllten Stunden!
Wer kann denn deine Lebens-Welt-Verlorenheit erzählen
Daliegend, ein heißer Leib, im Dunkel dieser Nacht:

---

[50] **Der** Name ist eine Gottesbezeichnung. Hier aber steht **ein** Name. Vgl. Einführung, S. ■■.

עס טרויערן פאַרפינצטערט דיינע האָר אויף זייער סאַמעט,
דיי קאָנען נישט מיין קאָפּ פאַרדעקן אין די האַלבּע נעכט ...
אוּן פינצטער איז בּיי דיר אין הויז אוּן רוּאיק,
עס איז נישטאָ קיין גרויל וואָס לאָזט נישט שלאָפן.
אַ ווייך געלעגער האָסטוּ, ווייסע קישנס,
אין אויוון גליען פייערלאַך אוּן אין דעם ווייכן פאָרהאַנג
לויערן די דרימלענדיקע פליגן — —
נאָר עס שטייט צוּ דיין צוּקאָפּנס נישט די גוּטע שכינה
פּוּנם שלאָף;
עס קלינגען אַלע גלאָקן פוּן דער וועלט אין דיינע אויערן,
אוּן דוּ מוּזט הערן גאַנצע נעכט דאָס שנאָרכן פוּן אַ חיה ...
זיצט אין די דיר בּרענענדיקע דאָרשטקייט פוּן בּהקיץ,
ציענדיק דוּרך דיינע גלידער רויטע פייער-דראָטן ...
אוּן דוּ מוּזט אַלע האַלבּע נאַכט אין פינצטערניש אַראָפּגיין
אויף די שפּיצן פינגער אינם נאַכט-העמד,
טרינקען פּוּנם קאַלטן נאַכט-קרוּג וואַסער — —

בּיי מיר אין שטוּבּ איז קאַלט דאָס אַש אין אויוון.
ס׳רוישן אַלע וואַסערן פוּן גאָר דער וועלט אין קאָפּ.
אוּן כ׳הער מיך צוּ, ווי ווייסע ווענט דערציילן:
»נאַכט איז, זונות גייען אוּם אוּן נע-ונד׳נע גאַס-הינט ...
אויסער אין די לויפנדיקע בּאַהנען אוּן אין שיפן —
שלאָפן אַלע מענטשן — — ד וּ מ וּ ז ט ל י ג ן!«
אוּן בּיז עלות-השחר בּרענט דאָס ליכט פאַר מיין געלעגער,
אוּן אויף דער בּריק ליגט אָנגעלייגט אַ טוּנקלער הויפן בּיכער —:
ליין איך, ליין איך ... אויסדרוּק זוּך איך פאַר די טויזנט קולות
פוּן מיין לעבּן;
אַ בּאַשייד — מעג גרויזאַם זיין — פאַר מיינע רעטענישן
אוּן פאַר די נישט-געשטאַלטיקטע דערלעבּענישן מיינע,
וואָס פליען דעסהאַרמאָניש אין זכרון,
זוּך איך ראַמען — —

אויפן בּענקל זילבּערט מאַט די פּאַפּיראָסן-פּוּשקע,
פוּן מיין טאַטן׳ס טאַטן בּירוּשה; —
רויכער איך אוּן רויכער... אוּן עס פאַלן איין די בּאַקן,
אוּן שמאָלער ווערן מיינע פינגער,
צוּקנדיק די שלעפן ...
בּיז דאָס גראָע טאָג-מויל געניצט: וואַ! דוּרך מיינע פענצטער,
אוּן ס׳שטעלט דאָס בּינטל בּיינער מיינס זיך אויף די פיס אוּן טראָגט זיך
גוּטסקייט-פוּל
אוּן עקל-פוּל —
צוּ מענטשן ...
גיין אויף אַלע וועגן,
דען אוּן זוּכן:

Es trauern ganz verfinstert deine Haare auf dem Sammet,
Sie können in der halben Nacht den Kopf mir nicht verdecken …
Und finster ist's bei dir im Haus und ruhig,
Nicht eine Grille zirpt, den Schlaf zu stören.
Ein weiches Lager hast du, weiße Kissen,
Im Ofen glüht ein Feuerlein und in dem weichen Vorhang
Lauern die benommnen Fliegen — —
Allein an deinem Kopfende steht nicht die gute Sch'chíne
Deines Schlafs;
Es klingen alle Glocken dieser Welt in deinen Ohren,
Und ganze Nächte lang hörst du das Schnarchen eines Tieres …
Es sitzt in dir der fürchterliche Brand, der Durst des Wachens,
Und er zieht durch deine Glieder rote Feuerdrähte …
Und du mußt immer mitternachts ins Dunkel runtergehen
Auf Zehenspitzen und im Nachthemd,
Aus kaltem Nachtkrug Wasser trinken — —

Das Holz im Ofen meiner Stube ist schon kalte Asche.
Es rauschen die Gewässer aller Welt in meinem Kopf.
Und ich bin wach und lausche den Geschichten weißer Wände:
„Nacht ist's, Huren treiben sich herum und Gassenhunde …
Außer in den Bahnen und den Schiffen, die auf Fahrt sind — —
Schlafen alle Menschen — — du mußt liegen!"
Und bis Sonnen-Aufgang brennt das Licht an meinem Lager,
Und auf der Brücke neben mir, da liegt ein Stapel Bücher —:
Ich lese, lese … suche Ausdruck für die tausend Stimmen
Meines Lebens;
Eine Lösung — mag sie grausam sein — für meine Rätsel
Und für meine nicht-gestalteten Erlebnisse,
Die disharmonisch im Gedächtnis flattern,
Einen Rahmen such' ich — —

Auf dem Bänkchen silbert matt die Zigaretten-Schachtel,
Erbstück von dem Vater meines Vaters; —
Ich rauche, rauche, rauche … und die Wangen falln mir ein,
Und meine Finger werden schmäler,
Und die Schläfen zucken …
Bis der graue Tagmund: Wa! in meinen Fenstern aufgeht,
Und mein Knochen-Bündel auf die Beine kommt und es sich
Gütevoll
Und ekelvoll —
Zu Menschen trägt …
Auf allen Wegen gehn,
Und sehn und suchen:

ד י ך — צי עפּעס אַנדערש,
עסן,
רעדן ...
און פֿאַלדעוועו דעם סודות׳דיקן צודעק פֿון מײַן לעבן:
פֿאַלדן,
קנײטשן — —
און ראַנגלען זיך מיט ע מ י צ ן, וואָס לאָזט מיך נישט דערלעבן.

*

וואַקס, בוים מײַנער, וואַקס אין דער אײביקײטס צײַטן,
ס׳איז פֿלאַץ נאָך פֿאַרהאַן פֿאַר די וואָרצלען און צווײַגן
לאָז פֿרילינגן גרינען, לאָז זומערן גאָלדן,
נעכט — זילבערן, שוואַרצן, און ווינטן זיך שפּילן ...
איך בוי מיר אַ נעסט אין געפֿלעכט פֿון די צווײַגן
און זינג דיר דאָס ליד מײַנס אַרויס פֿון די צווײַגן,
און דו מ ו ז ט עס הערן,
און דו מוזט עס הערן ...

אַזוי זאָגט מײַן גורל.
אַזוי זאָגט מײַן גורל.

גײ, גײַסט מײַנער, גײ אויף די אָפֿענע וועגן
און בעטל בײַ מענטשן אַ טרער און אַ האַנט-דרוק,
ווען דײַערע גופֿים טוט טרײַבן די טאָג-בײַטש:
און אָוונט-צײַט גנבֿ׳ע דאָס ליכט פֿון די שויבן
די ווײכקײט פֿון פֿאָרהענג; און קום אין די שטיבער
און שטעל דיך צוקאָפּנס פֿון פֿרויען, וואָס קושן
די גאַליקע ליפּן פֿון מענער פֿאַרהאַסטע — —
הער-צו, ווי עס גרוילן די טײַערסטע גופֿים,
און ד ו מ ו ז ט עס וויסן,
און דו מוזט עס וויסן.

אַזוי זאָגט מײַן גורל.
אַזוי זאָגט מײַן גורל.

פֿאָר, שיף מײַנע, פֿאָר אויפֿן הויכן אוקינוס
נאָך ווינטנ׳ס באַפֿעלן און וואַסערנס קולות
און נאָכן געשרײ פֿון די פֿליענדע מעוועס;
און הער-אויס די רייד פֿונם פֿינצטערן ים-האַרץ,
ווען פֿיש שטײַען-אויף פֿון תהומות צו טאַנצן;
און הער-אויס די בלאָע געזאַנגען פֿון וואַסער
ווען שטערן-, לבֿנה-שײַן שלײַערט זיך הײליק
און פֿאַלט אויף די טונקעלסטע פֿאַלדן פֿון כוואַליעס —

D i c h – ein anderes,
Und Essen,
Reden …
Und die geheimnisvolle Decke meines Lebens falten:
Falten,
Knittern — —
Und j e m a n d e n bekämpfen, der mich nicht erleben läßt.

*

Wachse, mein Baum, in der Ewigkeit Zeiten,
Für Wurzeln und Zweige ist immer noch Platz da.
Laß Frühlinge grünen, laß Sommer hell golden,
Nacht — silbern und schwärzen, und Winde laß spielen …
Und bau mir ein Nest im Geflechte der Zweige
Und sing dir mein Lied aus den Zweigen heraus —
Und du m u ß t es hören,
Und du mußt es hören …

Denn so sagt mein Schicksal.
Denn so sagt mein Schicksal.

Geh, mein Geist, geh auf den offenen Wegen
Und bettle bei Menschen um Träne und Handdruck,
Indes ihre Körper die Tagpeitsche treibet;
Und abends dann stehle das Licht von den Scheiben,
Die Weichheit des Vorhangs; und geh in die Stuben
Und stell dich ans Kopfend' der Frauen, die küssen
Die galligen Lippen verhaßter Gesellen — —
Hör zu, wie die teuersten Körper sich ekeln,
Und du m u ß t es wissen,
Und du mußt es wissen.

Denn so sagt mein Schicksal.
Denn so sagt mein Schicksal.

Fahr, mein Schiff, fahre auf sturmhohen Meeren
Und folge dem Wind und den Stimmen des Wassers
Und auch dem Gekreische der fliegenden Möwen;
Und höre des finsteren Meer-Herzens Rede,
Wenn Fische aus Abgründen steigen und tanzen;
Und lausche den blauen Gesängen des Wassers
Wenn Sternen- und Mondschein sich heilig verschleiern,
Um nieder auf dunkelste Wellen zu fallen —

און דו מוזט עס פילן,
און דו מוזט עס פילן ...

אַזוי זאָגט מײַן גורל.
אַזוי זאָגט מײַן גורל.

שלעפּ, גוף מײַנער, שלעפּ יענעם בלײַערנעם וואָגן:
ט אָ ג ט ע ג ל י כ ק י י ט ... צאַפּל צו קומען צום ים-ברעג,
וואו דו וועסט דעם וואָגן אין ים אַרײַן קערן
און שטיין בלײַבן, קוקן צום אויפגאַנג פון שטערן
אין ווײַטע, פאַרלוירענע, טיף-בלאָע הימלען,
און זינקען צו דר׳ערד און די אויגן פאַרמאַכן
און קילע פאַרנאַכטקייט וועט קושן דײַן שטערן ...

אַזוי זאָגט מײַן גורל.
אַזוי זאָגט מײַן גורל.

*

איבער דער נירוואַנאַ הענגט די שוואַנגערדיקע נאַכט
מיט טויטע ליכטער.
און אין שטײַענדיקן וואַסער שטעקן שיפן, שטעקן גופים,
קעפּ אַראָפּ און פיס אַרויף.
אָבער אויפן ברעג, וואָס ליגט אויף ד ע ר זײַט צו, צום טאָג,
שטייט אַ בוים צעשויבערט און משוגע,
וויגט זײַן קאָפּ,
און וויל אַריבער צו דער נאַכט און קאָן נישט.

ברענט די זון.
די צווײַגן זענען אויסגעזייגט פון זאַפט.
ע ס ו ו י ל ד ע ר ב ו י ם נ י ש ט ו ו אַ ק ס ן צ ו ד ע ר ז ו ן,
ווײַל ס׳ליגן זײַנע פּירות שוין אין אָפּגרונט
פון נירוואַנאַ ...

אָבער אין די צווײַגן זיצט אַזוינס,
וואָס שרײַט: א י ך ו ו י ל!

דער בוים איז בוים.

עס ברענט די זון.

*

און ווײ איז אונדז, ווײ, ווען סע קומט א ו נ ד ז ע ר אָוונט
און ס׳ליגט צו די פּיס אונדז אַ קלאָגענדיק וואַסער,
און א ו נ ד ז ע ר לבנה גייט-אויף אויפן הימל

Und du mußt es fühlen,
Und du mußt es fühlen …

Denn so sagt mein Schicksal.
Denn so sagt mein Schicksal.

Zieh', mein Leib, ziehe den bleiernen Wagen:
Tag-Täglichkeit … Müh' dich, den Strand zu erreichen,
An dem du den Wagen ins Meer werfen kannst,
Und dann stehn bleiben, zusehn, wie zahllose Sterne
Die weiten, verlorenen Himmel erleuchten,
Geschlossenen Aug's auf den Erdboden sinken,
Um dann kühler Dämmerung Kuß zu empfangen …

Denn so sagt mein Schicksal.
Denn so sagt mein Schicksal.

*

Über dem Nirwana hängt die Nacht, die schwanger geht
Mit toten Lichtern.
Und in stehenden Gewässern stecken Schiffe, stecken Körper,
Köpf' nach unten, Füß' nach oben.
Aber auf dem diesseitigen Ufer, dem des Tages,
Steht ein Baum verworren und verrückt
Und wiegt den Kopf,
Und will zur Nacht hinüber, doch er kann nicht.

Die Sonne brennt.
Den Zweigen ist schon aller Saft entzogen.
Nicht zur Sonne wachsen will der Baum,
Denn seine Früchte liegen schon im Abgrund
Des Nirwana …

Aber in den Zweigen sitzt etwas,
das schreit: Ich will!

Der Baum ist Baum.

Die Sonne brennt.

*

Und schmerzlich ist's, weh, wenn er kommt, unser Abend,
Und klagendes Wasser zu Füßen uns lieget,
Und dann unser Mondlicht am Himmel hell aufgeht,

צוּ לייכטן אַ רגע, אַז זען זאָלן ד׳אויגן,
ווי ס׳שווימט פוּנם ברעג צוּ דער ווייטער נירוואַנאַ
די מאַכטיקע שיף מיט דער שילד: וויטאַ איפּסאַ.
און אין די קאַיוּטעס איז דאָ אוּנדזער שלל:
די זוּמערנס גאָלד און די ווינטערנס זילבער,
און ס׳ליגן געעפנטעט די זילבערנע טויבן
מיט אוּנדזערע בלאָע כלי-ניגון׳ס פון ליבע — —

און אויף דעם פאַרדעק פון דער שיף וויטאַ איפּסאַ,
שטייט יענער פאַרהוילענער גזלן — דער חוזק
און פלאַטערט צוּ אוּנדז מיט אַ פינצטערער שמאַטע:
אדיע! — און נישטאָ מער... און וואָס איז צוּ טוּן דאָ?
ס׳ליגט טויט אין אַ וואָלק אוּנדזער קינד — די לבנה,
דאָס קינד פון דער עלטער — — עס טוּנקלען די בלוּטן:
מיר בייגן די קעפּ שווער אַראָפּ אויף די קניעס
און הערן דאָס שרייען פון ים-פייגל ווייטע
און וואַסערנס שוימען.

*

אַ גרויסע ציטערדיקע טרער און רעגנבויגן-פאַרבן
אין דער טרער —
דאָס איז מיין נעכטיק לעבן און מיין היינט,
און דאָך — —:
אַזוי ווי ס׳איז דער וועלטבאַל — שווער.

און אויסגעוואַקסן איז די זילבער-פרוּכט
באַקענוּנג,
אַ שטילע, אויף אַ דייטנוועג אין מיין נשמה-גאַנג;
געשפּייזט האָט די מיין דוּרכגעקלאָרט געזאַנג,
געלייטערט — מיין התבודדוּת׳דיקע טרער:
אַ דאָס בין איך,
דער מענטש,
דער תמיד-אוּמרוּדיקער גייסט — —

אַן אימה אָטעמט-אויף פון דער באַקענוּנג-זילבער-פרוּכט,
די בלענדט און בלענדט
אין מיינע קרוּם געלייגטע הענט;
און כ׳בייג מיין קאָפּ
אין טיפן דאָזיינס-טאָל אַראָפּ
און זאָג אין דמיון מיט מיין מויל:
איך בין דער מענטש פון טאָג און נאַכט — —
און כ׳שווייג און טראַכט:
אַ דאָס איז אַלץ;

Um für einen Augenblick nur uns zu zeigen,
Wie's ablegt vom Ufer zum fernen Nirwana,
Das mächtige Schiff mit dem Schild: Vita Ipsa.
Und in den Kajüten ist unsere Beute:
Das Sommergold und auch das Silber des Winters,
Und silberne Tauben, die liegen gefesselt
Mit unseren Liebesmusikinstrumenten — —

Und auf dem Verdeck unsres Schiffs Vita ipsa
Steht jener verkleidete Räuber – der Spötter
Und winkt zu uns rüber mit finsterem Lappen:
Adieu! — und weg ist er … was kann man machen?
In Wolken liegt leblos der Mond, unser Kindlein,
Das Kindlein des Alters — das Blut wird ganz dunkel:
Wir beugen die Köpfe so schwer auf die Knie
Und hören das Vogelgeschrei überm Meere,
Das Schäumen des Wassers.

*

Mit Regen-Bogen-Farben drin und groß und zittrig,
Eine Träne —
Ist mein nächtig Leben und mein Jetzt,
Und doch — —:
Genauso wie der Weltball — schwer.

Und ausgewachsen ist die Silberfrucht,
die Einsicht,
still, auf einem Seitenweg in meinem Seelengang;
Gespeist hat sie mein ungetrübtes Lied,
Geläutert – die Träne meiner Einsamkeit:
Aa, das bin ich,
Der Mensch,
Der immer-ruhelose Geist — —

Ein Grauen atmet auf aus meiner Einsicht-Silberfrucht,
Sie blendet, gleißt
In meiner krummen Hand;
Und ich senk' meinen Kopf
Ins tiefe Daseins-Tal herab
Und sage in Gedanken mir:
Ich bin der Mensch von Tag und Nacht — —
Und hänge den Gedanken nach:
Das ist also alles;

אַזוי מוּז ד י י ן;
דער ג ו ר ל איז אַזוי — —
און כ׳לאָז אין חוט-השדרה גיין דעם גרויל — —
און כ׳זע, ווי ס׳שטייט אין פעלד אַ סנה און ברענט
דורך טעג און נעכט;
אין רויטען ליכט
זיך א י ך און האַלט אַרום מיט מיינע הענט
די פּחדים׳דיקע זילבּער-פּרוכט: ד ע ר ק ע נ ט ...
און איבּער מיר פליט אום דער פויגל: ש ר ע ק
און וואַרפט אויף מיר דעם שאָטן פון אַ האַק ...

*

ס׳איז דאָ אַ שעה, אַן אויסטערליש-דערלעבּענישן-שווערע,
און יעדער פון אונדז מענטשן וויל ג ע ש ט אַ ל ט י ק ן געפילן
און אַ פעלדן-וועלטן-אויסדרוק די דערלעבּענישן געבּן,
און אַ ראַם פאַר טעג און נעכט און פאַר געטיילטע שטיקער לעבּנס,
אין אַ קייט צוזאַמענציען אַלע קולות פון די בלוטן;
און מען וויל אין טיפע תהומות פון פאַרפאַלונג זען און קוקן
און מען וויל דעם וואָרן פּתרון פונם שרעקן-חלום אָנזען,
און מען וויל דערזען מיט ד׳אויגן אַ געשטאַלטיקס: יענעם ע מ י ץ,
וואָס דערלאָזט נישט זיך דערלעבּן
דאָס געחלום׳טע דורך יאָרן,
דאָס געזוכטע אין די וועלטן,
דאָס געבּעטענע בּיים הימל — —

שטייט מאַן אין אַ ווינקל בּיחידות און מען בּ ע ט זיך:
דו, וואָס בּיסט דער פּלאָנטער פון די טרעפונגען דעם מענטשנס,
דו, וואָס בּיסט דער פּורים-שפּילער פאַר די פּאַטומס בּלינדע אויגן,
דו, וואָס בּיסט דער גיסער פונם גיפט אין אַלע בּעכערס,
דו, וואָס בּיסט דער קלעזמער פאַר די טישן פון דער תאוה,
דו, וואָס בּיסט די צי-קראַפט פון די נאַקעטע דלילה׳ס,
דו, וואָס בּיסט דאָס איר-וואָרט: גאָט, אין דמיון פון אַ צדיק,
דו, וואָס בּיסט דער זילבּער-בּרעג פאַר ווייטע חלום-גייערס —
דו, בּאַווייז דיין פּנים! איך וויל קוקן אינ׳ם פּחד

So muß es denn s e i n;
Das S c h i c k s a l — —
Und Greuel schicke ich das Rückgrat lang — —
Und seh' im Felde einen Dornbusch brennen
Tage-Nächte-lang;
In rotem Licht
Sitz' i c h, umfasse mit den Händen nun
Die fürchterliche[51] Silberfrucht: e r k a n n t[52] …
Und über mir fliegt er, der Vogel: S c h r e c k
Und wirft auf mich den Schatten einer Axt …

*

Es ist da eine Stunde ungewöhnlicher Erlebnis-Schwere,
Und ein jeder von uns Menschen will in ihr Gefühl g e s t a l t e n,
Und Erlebnissen dann einen Felsen-Welten-Ausdruck geben,
Und den Tagen, Nächten, lieben Lebens-Stücken einen Rahmen,
Alle Stimmen des Geblüts zu Ketten fein zusammenziehen;
Und man will in der Zerstörung tiefe Abgründe hineinsehn,
Und man will die wahre Lösung dieses Schrecken-Traumes ansehn,
Und man will mit Augen sehen ein Gestaltetes: den J e m a n d,
Der uns hindert, zu erleben
Das durch Jahre hin Erträumte,
Das in aller Welt Gesuchte,
Das von Himmelsmacht Erflehte — —

Man steht ganz allein im Eck und betet still für sich nur:
D u, der du bist die Wirrnis der Begegnungen des Menschen,
D u, der du bist der Purim-Spieler[53] für die blinden Fatum-Augen,
D u, der du bist der Gießende von Gift in alle Becher,
D u, der du bist der Klezmer vor den Tischen der Begierde,
D u, der du bist die Anziehungskraft nackiger Delilahs[54],
D u, der du bist das Irrwort: Gott, im Denken des Gerechten,
D u, der du bist der Silberweg für weite Träume-Geher —
D u, so zeige Dein Gesicht! Ich will hineinsehn in die Bangnis

---

51 „fürchterlich" – hier auch im Sinne von voller Angst, von Furcht erfüllt.

52 „erkannt" meint hier nicht nur intellektuelle Erkenntnis, sondern auch körperlich wahrgenommene Erkenntnis (ähnlich wie in Genesis, Kap. 4, Vers 1).

53 Purim ist eines der jüdischen Feste. Dieses Fest geht auf das Buch Esther zurück und ist Karneval oder Fastnacht darin ähnlich, daß man sich verkleidet. Der Purim-Spieler ist eine Art Gaukler.

54 Delilah ist die Frau, die Simson verführte und an die Philister verriet (vgl. Buch der Richter, Kap. 14).

פֿון די דורות, און וויל קוקן אינ׳ם פּלאָנטער פֿון מיין לעבן...
און אויב שטאַרבן מוז דער מענטש, וואָס זעט דיין פּנים, דיינע אויגן —
וויל איך שטאַרבן מיט דעם נאָמען פֿונ׳ם וועלט-גרויל אויף די ליפּן,
אָבער ז ע ן וויל איך ס׳געשטאַלט פֿון מיין דערשראָקן שטיקער-לעבן
און דאָס פּנים פֿונ׳ם ווילדן נעצן-וועבער פֿון מיין פּאַטום!

שטייט אין ווינקל זיך דער מענטש, אַזאַ מין גאָר-נישטל, אַקעגן
דעם קאָלאָס פֿון אַלע גורל׳ס שרעק-דערלעבעניש: מעפּיסטאָ.
און עס ציטערט ס׳בינטל ביינער און די בלוטן לויפֿן גרויליק,
ווי די שטרוימען איידער נאַכט קומט... און אַ בת-קול פֿונם פּחד
רעדט אַרויס פֿון דעם מתבודד,
פֿון די אייגענע געפֿילן:
»וויאַזוי זאָלסטו מיך זען דען? — כ׳האָב קיין פּנים נישט קיין אייגנס.
כ׳בין אַזוי ווי די געשטאַלט פֿון דעם, אין וועלכן כ׳בין געצויגן.
כ׳בין אַזוי ווי די חלקים פֿון דער טרעפֿונג ביי דעם מענטשן.
כ׳בין מיליאָנענדיק געשטאַלטיק, ווי די צאָל פֿון אַלע זאַכן.
כ׳בין אַ דומם און אַ מדבר. כ׳בין דער אָטעם פֿון די סיבות.
כ׳בין די בלי-בלום פֿון דער ליבע, די גראָטעסק-געשטאַלט פֿון יאוש.
כ׳בין דער זאָט פֿון אַלע כּוחות און די פֿויסט-קראַפֿט פֿונם אומגליק...
כ׳בין דער בכור פֿון די געדאַנקען, דאָס קאָשמאַרן-קינד פֿון דמיון.
כ׳בין דער גרויל אין חוט-השדרה׳ס, כ׳בין דער סיפֿיליס אין גומען.
כ׳בין די נאָדל: רעוומאַטיזמוס, אין די קנאָכנדיקע זקנים
און דאָס אויער, וואָס פֿאַרנעמט דעם צוק פֿון הענט און פֿיס אויף בעטן.
און איך לאַך מיט פ ר ע מ ד ע ליפּן,
קנייטש מיט שטערנס,
מאַך גרימאַסעס;
און איך וויין מיט פ ר ע מ ד ע אויגן,
און איך שלאָג מיט פ ר ע מ ד ע בייטשן
אין די ווייטע וועלטן: לעבן,
אַז די גופֿים זאָלן לויפֿן...

א י ך  ב י ן  אַ ל ץ  א ו ן  א ו מ ע ט ו ם! איך לייג אַ שטרויכלינג אויף די וועגן.
איך בין די שלאַנג, וואָס קומט בשתיקה צו דער קאַלטער קופּע שטיינער,
וואו אַ שלאַפֿער נע-ונד׳ניק רוט זיין אָפּגעפּלאָגטן גוף אויס
און איך זייג פֿון סאַמע מוח די זכרונות מיטן מאַרך אים...
און אויך דו — — —
די גלאָקן קלינגען ... לאָמפּן ברענען אין די גאַסן.

Der Geschlechter und will in die Wirrnis meines Lebens schauen …
Muß der Mensch, der dein Gesicht und deine Augen sieht, auch sterben[55] –
Will ich mit des Weltengrauens Namen auf den Lippen sterben,
Aber s e h e n will ich die Gestalt von meinen Lebens-Stücken
Und das Antlitz jenes wilden Netze-Webers meines Fatums!

In die Ecke stellt der Mensch sich, so ein Garnichts im Vergleich zu
Dem Kolossen aller Schicksals Schreck-Erlebnisse: M e p h i s t o.
Und das Knochenbündel zittert und das Blut jagt, daß es graut,
Wie die Ströme zu Beginn der Nacht … und der Bangnis Echo[56]
Redet aus dem Einzelgänger,
Aus den eigenen Gefühlen:
Wie nur willst du mich denn sehen? – Habe doch kein eigen Antlitz.
Ich bin so wie die Gestalt, in die ich mich verwandelt habe.
Ich bin wie das Bruchstückhafte menschlichen Geschickes.
Ich bin wie die Zahl der Dinge so millionenfachgestaltig.
Ich bin still und rede ständig. Ja, ich bin der Gründe Atem.
Ich bin der Verliebten Blume, der Verzweifelten Groteske.
Ich bin aller Kräfte Sud und auch die Faustkraft allen Unglücks …
Ich bin Alptraumkind der Phantasie und Erstgeburt des Denkens.
Ich bin Greuel in den Wirbelsäulen, Syphilis in Mündern.
Ich bin in der Alten Knochen jene Nadel: Rheumatismus,
Und das Ohr, das dem Gezuck von Hand und Fuß im Bette lauschet.
Und ich lach' mit f r e m d e n Lippen,
Runzle Stirnen,
Mach' Grimassen;
Und ich wein' mit f r e m d e n Augen,
Und ich schlag' mit f r e m d e n Peitschen
In die weiten Welten: Leben,
Daß die Menschenkörper laufen …

Ich bin a l l e s  ü b e r a l l! Ich lege Fallen auf den Wegen,
Ich bin jene Schlange, die sich schleicht zum Haufen kalter Steine,
Wo der abgeplagte Körper eines Wanderers sich ausruht
Und das Mark mit den Erinnerungen saug ich seinem Hirn aus …
Und auch du – – –
Die Glocken klingen … Lampen brennen in den Gassen.

---

[55] Vgl. Exodus 33, 20, wo es nach Luthers Übersetzung heißt „Und er [Gott] sprach weiter [zu Mose]: Mein Angesicht kannst du nicht sehen; denn kein Mensch wird leben, der mich sieht". Auch auf diese Parallele wies mich Itta Shedletzky hin, der ich hiermit herzlich danke.

[56] בת-קול (bat-kol) bedeutet wörtlich übersetzt „Tochter-Stimme" und meint „Echo" oder aber „eine aus dem Himmel kommende Stimme".

און די וועלטנס תּאַוה-בּיימער זשוּזשען איבער אַלע מענטשן.
און עס שווימען איבּער שטרוימען קליינע לאָדקעס, און עס שפּילן
די גיטאַרעס איבּער וואַסער — — און עס זינגען אַלע מאַמעס
נאָך די בּתוּלה׳דיקע לידער, ווי אַמאָל, אַזוי מין גלוּסטיק,
און עס זענען זיירע האָר אַזוי מין לאַנג נאָך, ווייך און דוּפּטיק,
אַז זיי קאָנען דיך אינגאַנצן איבּערדעקן — —
גיי און זוּך זיי — —»

ס׳האָט אַזוי געזאָגט מעפּיסטאָ ...

2. Korrektur/Umbruch/PDF - Fink - Grinberg - Mephisto / Rhema 03.11.06 / Seite: 171



Und der Welten Wollust-Bäume säuseln über allen Menschen.
Und es schwimmen kleine Schiffe über Ströme, und es spielen
Die Gitarren überm Wasser – – und es singen alle Mütter
Noch wie einst die jungfräulichen, wollüstigen Wiegenlieder,
Und noch immer sind die Haare lang und weich und duften süßlich,
Und sie können dich noch ganz und gar bedecken – –
Geh und such sie – –“

Also sprach Mephisto …